ביבליאָטעק „פאָלקסבילדונג״.
אַ זאמלונג פון פּאָפּולער-וויסענשאפטליכע אָבהאנדלונגען, אָרגיניעלע און איבערזעצטע, אונטער דער רעדאקציע פון אַ. ליטווין.

באַנד II

# נאַטור און מענש

פּרייז 65 סענט.

ארויסגעגעבען פון
פערלאַג „פאָלקסבילדונג״
הויפּט-פערקויף ביי דעם „ליטעראַרישען פערלאַג״
256 איסט בראָדוויי, ניואָרק
1915.

# „לקוי חמה”.

## I.

### דער הימעל און די מענשהייט.

דער בעריהמטער דייטשער פילאָזאָף קאנט פלעגט זאָגען: „צוויי זאכען מאכען אויף מיך דעם גרעסטען איינדרוק, ווען איך בעטראכט זיי: די שטימע פון מיין געוויסען אין מיר און דער אויסגעשטערנטער הימעל איבער מיר.” און ווירקליך, א גרויסארטיגע ערשיינונג שטעלט פאָר דער טונקעלבלאָהער הימעל אין א העלע נאכט, ווען עס שטראהלען און פונקלען זיינע מיריאדען שטערען און ווינקען און רעדען צו אונז אויף זייער געהיימניספולער שפראך, דערצעהלענדיג די סודות פון מעשה בראשית. „השמים מספרים כבוד אל” (די הימלען דערצעהלען די גרויסקייט פון גאָט), — זאָגט דער פרומער דיכטער פון תהלים, און דער חומש דערצעהלט, אז ביים אויסגעשטערנטען הימעל האָט אברהם אבינו בעקומען די ערשטע פאָרשטעלונג פון דער גאָטהייט. די טיעפזיניגע פעלקער פון מצרים און בבל האָבען שוין אין אוראלטע צייטען בעטראכט און בעוואונדערט דעם הימעל און זיינע מזלות, זוכענדיג אין זיי אנ׳ענטפער אויף די פראגען פון מענשליכען לעבען, וועגען גליק און אומגליק, מלחמה און שלום, גערעטעניש און הונגער און דאָס גלייכען. בעזונדער האָבען צו זיך צוגעצויגען דעם אינטערעס די פלאנעטען, די וואנדערנדע שטערען, וואָס בעוועגען זיך, ווי בלאָנזשענדיג צווישען די איבעריגע אונבעוועגליכע שטערען. מיט

בלויזע אויגען אָהן טעלעסקאָפּען (שפּאַקטיוועס) האָבען די אור־אַלטע פעלקער געזעהן נור פינף פון זיי: דעם פלינקען מערקור, די פּרעכטיגע ווענוס, דעם רויטען מאַרס, דעם גרויסאַרטיגען יופּיטער און דעם ווייטען, געהיימניספולען סאַטורן מיט זיין וואונדערבאַרען רייף אַרום זיך. צו די פּלאַנעטען האָבען זיי אויך צוגערעכענט די זון מיט דער לבנה, און האָבען זיי אַלעמען פערגעטערט, צוליעב זייער כבוד איינגעטיילט די צייט אין זיעבענטעגיגע וואָכען און יעדען טאָג אָנגערופען מיט דעם נאָמען פון א וואָסער־ס׳איז שטערען אָדער פּלאַנעט. א זכר דערצו האָבען מיר נאָך אין די ווערטער: זונ־טאָג, מאָנ־טאָג (די לבנה הייסט ביי די דייטשען – מאָנד). די אַסטראָלאָגען, די שטערענ־זעהער פלעגען פאָראויסזאָגען דעם כאַראַקטער און דעם גורל פון יעדען מענשען לויט דעם, וועלכע פון די פּלאַנעטען איז געשטאַנען אין הימעל, ווען ער איז געבאָרען געוואָרען. אַמאָליגע מענשען האָבען שטאַרק געמיינט אז די ערד איז דער מיטעל־פּונקט פון דער נאַטור, און דער גאַנצער הימעל מיט זיינע מזלות דרעהט זיך אַרום איהר, כדי צו נוצען דעם מלך פון דער נאַטור, דעם מענשען צוליעב וועלכען דאָס אַלץ איז בעשאַפען געוואָרען. דעם גרויסען טעות, וואָס האָט געדויערט טויזענדער יאָהרען, האָט דערוויזען אין מיטען פון זעכצעהנטען יאָהרהונדערט דער געניאַלער גלח ניקאָלאַי קאָפּערניק. ער האָט אַרויסגעזאָגט און בעגרינדעט די צוויי געדאַנקען, וואָס זענען איצט געוואָרען אַזוי פערשפּרייט. זיי קומען אונז איצט פאַר אַזוי זעלבסט־פערשטענדליך, אז מיר קענען זיך גאַר ניט פאָרשטעלען, ווי קען עס אַנדערש זיין: 1) די ערד דרעהט זיך אַרום זיך זעלבסט, ווי א ראָד אַרום איהר אַקס, און אונז דוכט זיך נאָר אויס, אז די גאַנצע שטערענוועלט דרעהט זיך אַרום דער ערד; די בעוועגונג דויערט א מעת־לעת. 2) די ערד איז א פּלאַנעט,

וואָס בעוועגט זיך, ווי די איבעריגע פּלאַנעטען, אַרום דער זון, וועלכע בילדעט דעם מיטעלפּונקט פון אונזער פּלאַנעטען־סיסטעם; די בעוועגונג דויערט אַ יאָהר, און ערקלערט אונז זעהר גוט, צוזאַמען מיט די בעוועגונגען פון די איבעריגע פּלאַ־נעטען, וועלכע דויערען מעהר אָדער ווייניגער, אַלע ערשיינונגען אין דעם פערפּלאָנטערטען גאַנג פון די פּלאַנעטען אין הימעל, זייער „וואַנדערען״, בלאָנדזשען צווישען די אונבעוועגליכע שטערען. יעדער אונבעוועגליכער שטערען איז אַ זון פאַר זיך, אַרום וועלכען, מעגליך, עס בעוועגען זיך אייגענע פּלאַנעטען, וואו עס קענען אויך וואוינען אַזעלכע בעוואוסטזיניגע בעשעפּע־נישען, ווי די מענשען אויף דער ערד. קאָפּערניק איז געשטאָרבען אין אַ פּאָר טעג נאָך דעם, ווי ס׳איז ערשיענען זיין בוך, און ער האָט ניט געקענט זעהען די איבערראשונג, די אימה, וואָס זיין געדאַנק האָט אַרויסגערופען ביי די דעמאָלדיגע מענשען. אונז איז איצט אונמעגליך פאָרצושטעלען זיך די געפיהלען פון קאָפּערניק׳ס דור; זיי האָבען געמוזט איבערלעבען אַנ׳אמת׳ע וועלטאיבערקעהרעניש, אַ גייסטיגע רעוואָלוציע, וואָס האָט צושטערט אַלע זייערע אַלטע און פעסטע געדאַנקען וועגען דעם מענשען און דער נאַטור, וועגען גאָט און זיין השגחה אויף דעם מענשענ׳ס לעבען אויף דער ערד; זי איז פון מיטעלפּונקט פון דער נאַטור מיט אַמאָל פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קליינעם זאַמדקערענדל פון דער וועלטשאַפונג, וואָס טראָגט זיך אָהן אַ ציעל אין די וויסטענישען פון אונענדליכען הימעל. שרעקליך איז געווען צו פערלירען דעם פעסטען באָדען אונטער די פיס, שרעקליך זיך צושיידען מיט דער אַלטער געמיטליכער וועלט־אַנשויאונג, לויט וועלכער דער מענש פלעגט מיט שרעק, אָבער אויך מיט האָפנונג קוקען אויף דעם הויכען הימעל מיט זיינע מזלות, די וואוינונג פון גאָט מיט זיינע מלאָכים... איצט האָט

זיך דאָרט פאַר זיי געעפענט פלוצלונג אַן׳אָבגרונד, פון וועלכען עס האָבען אַרויסגעקוקט די שרעקליכסטע פראַגען פון מענשליכען לעבען: פון וואַנען, וואוהין, צוליעב וואָס, -- און האָבען געפאָדערט אַ נייעם ענטפער... די דערשראָקענע מענשהייט האָט געוואָלט זיך בערוהיגען מיט אַ גלעלעכטער, אויסשפּאָטען דעם חצופ׳דיגען שטערער פון איהר רוה. לוטער, דער פרייער גייסט, דער דרייסטער גרינדער פון אַ נייער רעליגיאָנס-לעהרע, וואָס איז אויפגעשטאַנען געגען רוימישען פּאַפּסט און זיין ממשלה און האָט אָבגעריסען פון איהם כמעט אַ העלפט אייראָפּאַ, האָט געשריעבען וועגען קאָפּערניק׳ן פאָלגענדעס: ,,מען רעדט וועגען עפּעס אַ נייעם אַסטראָלאָג (שטערענזעהער), ער ווייזט אויף, אַז, כלומר׳שט, די ערד דרעהט זיך, און דער הימעל, די זון און די לבנה זענען אונבעוועגליך... נו, יע, היינטיגע צייטען וויל יעדערער, מען זאָל איהם האַלטען פאַר אַ חכם, יעדערער קליגט זיך אויסצוטראַכטען עפּעס אַ בעזונדער נייעס, אָט וויל דעריבער אויך דער שוטה איבערקעהרען און אוועקשטעלען קאַפּויר מיט די פיס אַרויף די גאַנצע אַסטראָנאָמיע״.

אָט אַזוי האָט געשריעבען איינער פון די קליגסטע מענשען פון אייראָפּאַ. וואָס זשע האָט געדאַרפט קלערען דער געוועהנליכער מענש! די מעכטיגע קאַטוילישע קירך, די פערמיטלערין צווישען דער ערד און הימעל, האָט אין דער נייער טעאָריע דערזעהען אַ געפאַהר פאַר דער רעליגיאָן און איהר ממשלה איבער דער וועלט און איז אַרויס אַנטקעגען איהר מיט איהר גאַנצער קראַפט, מיט איהרע פינסטערע געפענגניסען און די פייערען פון דער אינקוויזיציע. דעם 17-טען פעברואַר פון יאָהר 1600 איז אין רוים פערברענט געוואָרען דער ערשטער מערטירער (קדוש) פון דער נייער אידעע, דער פרייער דענקער און דער העלדישער קעמפּפער פאַר׳ן אמת, דזשאָרדאַניאָ ברונאָ,

וועלכער האָט זיינע שופטים שטאָלץ געענטפערט: „איהר זאָגט אַרויס מיין פּסק־דין מיט מעהר שרעק, איידער איך הער איהם אויס. איך שטאַרב פרייוויליג פאַר מיין אידעע״. ברונאָ איז געשטאָרבען, דער אַלטער גאַליליי האָט זיך מיט געוואַלד געמוזט אָבזאָגען פון דעם נייעם געדאַנק, פיעלע אַנדערע האָבען פערשפּיעלט זייער לעבען פערשפּרייטענדיג דעם נייעם אמת, נאָר קיין מאַכט אויף דער וועלט קען ניט דערשטיקען דעם בע־פרייטען מענשליכען פערשטאַנד... און ער האָט געזיעגט.

עס זענען פערגאַנגען צעהנדליגע און הונדערטער יאָהרען, די בעפרייטע מענשליכע פאָרשונגסקראַפט האָט אַלץ טיעפער און טיעפער אריינגעדרונגען אין די אָבגרונדען פון דער שטערנ־וועלט און מיט געוואַלד אַרויסגעריסען און אויפגעדעקט איהרע פערבאָרגענסטע סודות. דער מענש האָט בעוואָפענט זיין אויג מיט שטאַרקע שפּאַקטיוועס, וואָס האָבען איהם ענטדעקט נייע פּלאַנעטען, קאָמעטען און שטערען און וויים, ביז צו אונענדליכ־קייט, פערברייטערט די גרענעצען פון דער זעהבאַרער וועלט מ׳האָט אַזוי ריכטיג אויסגעפאָרשט די וועגען פון די פּלאַנעטען, אַז ס׳איז איצט מעגליך אויף טויזענדער יאָהרען פאָראויס אָדער צוריק אויסצורעכנען זייער אָרט אין הימעל אין יעדען מאָמענט מיט אַ פּונקטליכקייט ביז אַ סעקונדע. די פיזיק האָט געפונען מיטלען צו דערגעהן, פון וואָס בעשטעהען די וויייטסטע, קוים זעהבאַרע שטערען, און די אַסטראָנאָמען קענען אויסרעכענען זייער גרויס, זייער וויימקייט פון דער ערד און אפילו זייער גע־וויכט. די געבילדעטע מענשהייט האָט דערזעהען די רעגעל־מעסיגקייט אין די בעוועגונגען פון די פּלאַנעטען און מזלות, האָט זיך קלאָר געמאַכט די אורזאַכען דערפון און האָט פערשטאַנען, אַז דאָס האָט קיין שייכות ניט צו דעם גאַנג פון מענשליכען לעבען אויף דער ערד. די געוועהנליכע מענשען האָבען זיך

אויפגעהערט צו שרעקען פאר'ן הימעל און זיינע ערשיינונגען און זענען געוואָרען צו איהם גלייכגילטיג. אמת, קיינמאָל האָט די מענשהייט ניט געשענקט דעם הימעל אזוי פיעל מיטלען און צייט ווי איצט, נאָר דאָס טהוען די געלעהרטע, ספעציאַליסטען; דער מאסע־מענש, די גרויס־שטאָדטישע בעפעלקערונג איבער־הויפט, פערגעסט זיך גאָר אָפט אָן דעם הימעל מיט זיינע שטערען, צווישען די הויכע הייזער און די שמאָלע גאַסען, וואו דער בליאסק פון די עלעקטרישע לאָמפען פערבלענדעט די אויגען און פערשטעלט אָפט פאר דעם מענשען די גרויסקייט פון דער וועלט־שעפּפונג און דעם צווישענהאנג פון דעם מענשען מיט דער נאטור... די היינטיגע מענשען זענען פרייער, אָבער אפשר פלאכער, וועניגער טיעפזיניג ווי אמאָל... די קליינליכע פראַגען פון אַלטעגליכען לעבען האָבען צו זיך צוגעצויגען דעם גאנצען אינטערעסע, און האָבען ארויסגעשטויסען די ווייטע, אייביגע פראַגען... נאָר זעלטענע ערשיינונגען, סענסאציעס אין הימעל, רופען ארויס אנ׳אינטערעס צו די שטערען־וועלט אין ברייטע קרייזען פון דער בעפעלקערונג, אָבער דאָס געדויערט אַ קורצע צייט, און פערשווינדט גיך אָהן אַ זכר. און גלייכגילטיג געהן מענשען וויעדער פערביי דעם וואונדערבארען, אונענד־ליכען, געוועהנליכען הימעל, וועלכער מוז ארויסרופען ביי יעדען מענשען די טיעפסטע רעיונות, די העכסטע געפיהלען, ווען ער זאָל איהם נור אויף אַ רגע אויפמערקזאם בעטראַכטען...

צו די ערשיינונגען אין הימעל, וואָס ציהען אם שטארקסטען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון מענשען, האָבען פון אייביג אָן געהערט די לקוי־חמה׳ס.

II.

## לקוי-חמה און לקוי-לבנה.

לקויים, פינסטערנישען, פון דער זון און דער לבנה קומען פאר רעגעלמעסיג און גאנץ אפט אויף דער ערד. זיי בעשטעהען דערין, וואס די זון אדער די לבנה ווערען ביסלעכוויז פערשטעלט דורך א שווארצע, אונדורכזיכטיגען קערפער, די ערד אדער לבנה, וואס בעדעקט זי אינגאנצען (א פאלשטענדיגער לקוי) אדער טיילוויז (א טיילוויזער לקוי). אין א משך כמעט פון 18.5 יאהר קומען פאר אויף דער ערד 41 לקוי חמה׳ס און 29 לקוי לבנה׳ס. יעדען יאהר קומען פאר ערגיץ וואו אויף דער ערד ניט ווייניגער ווי צוויי לקוי־חמה׳ס פאלשטענדיגע אדער טייל־וויזע, און ניט מעהר ווי פינף. לקוי-לבנה׳ס קען איין אין יאהר פאר־קומען ניט מעהר ווי דריי, אבער ס׳קען טרעפען אז אין א גאנצען יאהר וועט גאר ניט זיין קיין לקוי-לבנה. פון דעם איז געדרונגען, אז א לקוי־חמה קומט פאר אויף דער גאנצער ערד עפטער ווי א לקוי-לבנה, אבער א לקוי־חמה ווערט געזעהען נור אין אייניגע ערטער, און א לקוי־לבנה זעהט זיך כמעט אויף א גאנצער העלפט פון דער ערד מיט אמאל. דערפון קומט ארויס, אז אין יעדער ארט פון דער ערד בעזונדער ווערט א לקוי־חמה געזעהען זעל־טענער ווי א לקוי־לבנה. בעזונדער זעלטען קומען פאר פאל־שטענדיגע לקוי־חמה׳ס, ווען ס׳ווערט אינגאנצען פינסטער; אין איין ארט קענען זיי פארקומען ניט עפטער, ווי איינמאל אין 150--200 יאהר אדער נאך זעלטענער. אין לאנדאן, למשל, איז אין א משך פון 575 יאהר, פון 1140 ביז 1715, ניט געווען קיין

איין פאלשטענדיגע לקוי־חמה אין פאריז איז די לעצטע פאָל־
שטענדיגע זון־פינסטערניש פארגעקומען אין יאָהר 1724, און
די נאָהענטסטע וועט זיין אין יאָהר 2026, וועלכער קיינער פון
היינטיגע פאריזער וועט געוויס שוין ניט זעהן.

צוליעב דעם שוואכען, רוהיגען גלאנץ פון דער לבנה איז איהר זעהר לייכט צו בעטראכטען, און יעדערער קען מיט בלויזע אויגען דערזעהען אפילו א קליינע טיילווייזע פינסטערניש אויף איהר. אנדערש איז עס מיט דער זון: איהר גלאנץ איז אזוי שטארק און ליכטיג, אז ווען זי איז אפילו אויף א העלפט בע־דעקט, לייכט זי נאָך גענוג העל און מען קען מיט בלויזע אויגען גאָר ניט בעמערקען, מען מוז א קוק טאָן אויף דער זון דורך א טונקעלע אָדער פעררויכערטע גלאָז, כדי מ׳זאָל קענען דערזעהען, אז א טייל פון דעם לייכטענדען קרייז איז מיט עטוואָס פערדעקט. אָבער א פאָלשטענדיגע זון־פינסטערניש שטעלט פאָר אזא אונ־געוועהנליכע גרויסארטיגע ערשיינונג אין דער נאטור, אז זי מאכט א געוואלדיגען איינדרוק ניט נאָר אויף דעם מענשען, נאָר ווירקט אויך שטארק אויף די טיער־וועלט. שטעלט אייך פאָר א ריינעם העלען הימעל, וואו עס שיינט ליכטיג די זון. פלוצלינג הייבט איהר שיין אָן צו ווערען טונקעלער. אויפ׳ן העלען קרייז זעהט זיך א שווארצער פלעק, וואָס ווערט אלץ גרעסער און גרעסער. אָט איז שוין מעהר ווי א העלפט פון דער זון פערדעקט, די ליכטיגקייט ווערט שוואך און בלייך; די גאנצע געגענד ווערט פערצויגען מיט טונקעלע שאָטענס, אלע פארבען ווערען בלאָס. די דערשראָקענע פייגעלעך הערען אויף צו זינגען און בעהאלטען זיך צווישען די בלעטער, די בהמות מעקען פון שרעק, די היהנער קלייבען אויף זייערע עופה׳לעך אונטער די פליגלען. אָפילו די בלומען פערמאכען זייערע בעבערלעך, ווי ביי דער נאכט. אויפ׳ן הימעל זעהט זיך נאָר א שמאָלער סערפ פון דער זון; ער ווערט

אלץ דינער און ענדליך פערשווינדט ער. עס ווערט מיט אמאל נאכט, א פינסטערע, אומעטיגע נאכט. עס ווערט גאנץ שטיל, די שטערען בעווייזען זיך אין הימעל, די לופט ווערט קיהלער, עס לויפט דורך א קאלטער ווינד. די נאכטפויגלעך פליהען ארויס פון זייערע נעסטען, די פלעדערמייז הויבען זיך אן צו טראגען אין דער לופטען. אויף די חיות פאלט ארויף אנ׳אימה: דער פערד וויל ניט לויפען, דער הונד ציטערט און טוליעט זיך צום בעל-הבית. און אפילו דער מענש... מיר, וואס האבען דאס פריהער געוואוסט, וואס זענען בכיון געקומען אהער צו בעטראכטען די זעלטענע ערשיינונג, מיר, וואס וויסען, אז דאס איז א נאטירליכע זאך, מיר זענען אויך אויפגערעגט געגען אונזער ווילען, פון עפעס אנ׳אונרוהיגען געפיהל. אויף א רגע קומט אונז פאר, אז דער פרעכטיגער לייכטער פון הימעל איז פערלאשען געווארען און ניט ווילענדיג גיט זיך יעדערער א פרעג: „טאמער איז זי אויף אייביג אויסגעלאשען געווארען! וואס וועט דאמאלס זיין מיט דער ערד און מיט אינז!" אבער ניין... ארום דעם שווארצען קרייז פון דער לבנה זעהט זיך נאך א קרוין פון ווייבער ליכטיגקייט, וואס ווייזט געגוי, וואו ס׳געפינט זיך די זון. ווען דאס אויג ווערט אביסעל געוועהנט צו דער פינסטערניש, דערזעהען מיר אז די נאכט איז גאר ניט אזוי פינסטער, ווי מיר האבען פריהער געמיינט... א! א פריידגעשריי רייסט זיך פלולינג ארויס פון הארצען ביי אלע צוזעהער, וואס האבען ביז איצט, שוין אייניגע סעקונדען מיט אנ׳אנגעשטרענגטער אויפמערקזאמקייט און טיעפען שטילשוויגען בעטראכט די ערשיינונג: א גאנצער קוואל פון ליכטיגע שטראהלען האט זיך א גאס געטאן פון רעכטען זייט פון דער זון, די ליכטיגקייט ווערט אלץ העלער און העלער... ווידער בעגיסט די פרעכטיגע שיין די ערפרייטע גליקליכע ערד. (Flammarion, Astronomy for amateurs p. 260)

ס׳איז ק״ין וואונדער ניט וואָס אזא אוגגעוועהנליכע ערשיינונג פלעגט מאַכען דעם שטאַרקסטען איינדרוק אויף די מענשען און מען פלעגט זיי רעכענען פאַר א סמן פון גאָט׳ס צאָרן. אין תנ״ך געפינען מיר אייניגע ערטער, וואָס רעדען וועגען לקוי־חמה׳ס. דער נבי עמוס זאָגט שטראָפענדיג די יודען: „איך וועל ברייגגען דעם אינטערגאַנג פון דער זון אין מיטען טאָג, און איך וועל פערפינסטערען די ערד אין מיטען העלער ליכטיגקייט״ (קאַפּ. ח, פסוק ט.). א סך אסטראָנאָמען מיינען, אז דאָ רעדט זיך וועגען דער פאַלשטענדיגער זון־פינסטערניש, וואָס איז ווירקליך פאָר־געקומען אין ירושלים דעם 9 פעברואַר פון יאָהר 784 פאַר קריסטוס געבורט. מיכה המורשתי נעהמט די לקוי־חמה פאַר א משל, ווען ער וויל זאָגען, אז ס׳וועט ניט זיין קיין נביאות: „דעריבער וועט די נאַכט אייך זיין אָנשטאָט א זעהונג און פינסטערניש — אָנשטאָט א פאָראויסזאָגונג. עס וועט אונטער־געהן די זון איבער די נביאים און דער טאָג וועט פינסטער ווערען איבער זיי״ (קאַפּ. ג. פסוק ו.). מיכה האָט אויך געזעהן א פינסטערניש דעם 5־טען יוני אין יאָהר 716 פאַר ק. ג.

שוין אין אוראַלטע צייטען פלעגט מען די פינסטערנישען פערשרייבען אין די פנקס׳ן, וואָס פלעגען זיך פיהרען ביי די גרויסע טעמפלען אין חינא, בבל און מצרים. די פריסטער האָבען אָנגעהויבען בעטראַכטען אויך די טיילווייזע זון־פינסטער־נישען און זיי בעשרייבען אין די ביכער. פערגלייכענדיג די אַלע בעשרייבונגען, איז ניט שווער געווען צו בעמערקען, אז אין פערלויף אונגעפעהר פון 18.5 יאָהר הייבען זיך די זון־און לבנה־פינסטערנישען אָן איבערצוחזר׳ן אין דער זעלבער אָרדנונג און זיי פאַלען כמעט אויף די זעלבע טעג פון חדש, ווי מיט 18.5 יאָהר צוריק. דאָס האָט געגעבען די מעגליכקייט פאָראויסצוזאָגען די צייט פון די פינסטערנישען. נאָר די געלערנטע פריסטער אַליין

פלענעז וויסען דעם סוד, און דאָס פלעגט זיי מאַכען גרויס אין די אויגען פון דער פשוט׳ער גלויבינגער מאַסע, וואָס פלעגט מיינען, אז זיי בעקומען זייערע ידיעות אין די הימלישע אָנגעלעגענהייטען דירעקט פון די געטער. אין כינא (קיטאי) איז נאָך א צייט פאַר קריסטוס-געבורט איינגעפיהרט געוואָרען בעזונדערע שטעלעס פון הויף-אַסטראָנאָמען, וואָס פלעגען דארפען פאָראויסזאָגען דעם קיסר די צייט פון די זון-פינסטערנישען, מ׳זאָל קענען בייצייטענס צוגרייטען די נויטיגע קרבנות פאַר די געטער. וועגען די אורזאַכען, וועלכע רופען ארויס די לקויים, האָבען די אַלטע פעלקער געהאַט אַלערליי ווילדע פאָרשטעלונגען, וואָס עקזיסטירען נאָך ביז איצט אין די מזרח-לענדער. די חינעזער פלעגען מיינען, אז א שרעקליכע דראַכע (אזא מין פליהענדער שלאַנג) פאַלט צייטענווייז אָן אויף די זון און די לבנה און וויל זיי איינשלינגען; צווישען זיי קומט פאַר א שרעקליכער שטרייט. מען מוז זיך אריינמישען און ראַטעווען די אומגליקליכע הימעללייכטער. די בעפעלקערונג פלעגט ארויסגעהן אויפ׳ן גאַס, פלעגט שרייען, גוואַלדעווען, שיסען, כדי צו איבערשרעקען און פערטרייבען דעם דראַכע. אזא ווילדער קאָנצערט איז פאָרגעקומען לויט דער פעראָרדנונג פון די רעגירונגס-בעאַמטע אין פעקין דעם 16 יאַנואַר פון יאָהר 1880. אין מיטעלאַלטער פלעגען די אייראָפּייאישע פעלקער אויך מורא האָבען פאַר א זון-פינסטערניש, מען פלעגט מיינען אז די וועלט געהט אונטער און עס קומט אָן דער לעצטער יום-הדין. ביסלעכווייז, מיט די פערשפּרייטונג פון בילדונג און אויפקלערונג, האָט דער אונבעוואוסטער שרעק זיך פערביטען אויף א טיעפען אינטערעס, מיט וועלכען די בעפעלקערונג און די געלעהרטע וועלט ערוואַרט יעדע נייע פאָלשטענדיגע זון-פינסטערניש. דער פאָרשריט פון דער אַסטראָנאָמיע גיט די מעגליכקייט פאָראויסצוזאָגען, ווען און אין וועלכע געגענדען פון

דער ערד וועט געזעהען ווערען יעדע זון־אָדער לבנה־פינסטער־ניש. אין די נאָהענטסטע יאָהרען, ביז 1919, וועלען פּאָרקומען פּאָלגענדע פאָלשטענדיגע לקוי־חמה׳ס: דעם 21־טען יאַנואַר 1916 --- אין שטילען אָקעאַן, זיד אַמעריקאַ און אינדיען, דעם 26־טען מאַי 1918 --- אין נאָרד־אַמעריקאַ, דעם 16־טען מאַי 1919 --- אין זיד־אַמעריקאַ און מיטעל־אַפריקאַ.

אום צו פערשטעהן אייניגע אייגנצעלהייטען פון די פינסטערנישען, מוזען מיר זיך קורץ דערמאָנען אייניגע פּרטים וועגען דער זון, דער ערד און דער לבנה און זייערע בעוועגונגען ארום דער זון. די זון, דער מיטעל־פּונקט פון אונזער פּלאַנעטען־וועלט, דער קוואַל פון לעבען און קראַפט אויף אונזער ערד, די ליכטיגע זון איז אַן אונגעהויער גרויסער קוגעל, וואָס בעשטעהט פון אַלערליי צוגליהטע שטאָפען. דער זון־קוגעל איז אַזוי גרויס, אַז ווען מען זאָל אויף איהם אָנטאָן אַ רייף, וואָלט ער געהאַט 600,000 מייל אין די לענג. די זון קומט אונז אויס אַזוי קליין, ווייל מיר געפינען זיך אונגעהויער ווייט פון איהר, אין דורכשניט אויף 20,122,000 מייל. בעטראַכטענדיג גענוי די זון זעהען די גע־לעהרטע דערגאַנגען, אַז זי בעשטעהט פון אייניגע שיכטען, וואָס זיי אונטערשיידען זיך איינע פון די אַנדערע: די אויבערפלעכע בילדעט אַ בלענדענד ליכטיגע שיכט, וואָס הייסט פאָטאָספערע; זי בעשטעהט פון שווערע פליסיגע שטאָפען, וואָס בעוועגען זיך שטענדיג, ווי די כוואַליעס פון צורודערטען ים ביי אַ שטורמווינד. אויף איהר בעווייזען זיך טונקעלע שטעלען --- זון־פלעקען, וואָס פערנעהמען אָפטמאָל הונדערטער־טויזענדער קוואַדראַט מייל, און וואַקסען און פערשווינדען אונגעהויער גיך; אַרום די פלעקען בעווייזען זיך בעזונדער ליכטיגע שטעלען --- די, אַזוי גערופענע, „פאַקעלן״, „לייכטער״, וואָס פערשווינדען אָפט אַזוי גיך, ווי זיי ווערען געבאָרען אין אייניגע שעה. פונקט ווי די ערד איז

אַרומגערינגעלט מיט אַ שיכט פון לופט, אַזוי איז די פּאָטאָ־ספערע אויך אַרומגערינגעלט מיט אַ ראָז־פאַרביגע שיכט פון לייכטע גאַזען, וואָס האָט אין דער גרעב ביז 8000 וויאָרסט — זי הייסט חראָמאָספערע; נאָך ווייטער ציהט זיך אַ ביז 300,000 וויאָרסט ברייטע אונרעגעלמעסיגע שיכט פון זייער דינע שטאָפען — פון העל־זילבער פאַרב — די „קרוין". די חראָמאָספערע און די קרוין לייכטען זעהר שוואַך און זיי קען מען נאָר זעהען ביי אַ פּאָלשטענדיגער זון־פינסטערניש, ווען די שטראַהלענדע פּאָטאָספערע איז אין גאַנצען פערדעקט דורך דער לבנה. דעריבער דערוואַרט יעדע פּאָלשטענדיגע זונפינסטערניש אַזאַ גרויסען אינטערעס צווישען די געלעהרטע, וואָס בענוצען זיך מיט דער זעלטענער געלעגענהייט צו פּאָטאָגראַפירען און אויס־פאָרשען די קרוין, וואָס בייט זעהר אָפט איהר לענג און פאָרם. בעטראַכטענדיג אין יאָהר 1842 די פּאָלשטענדיגע לקוי־חמה, וואָס איז פאָרגעקומען אין אייראָפּאַ, האָבען די געלעהרטע צום ערשטען מאָל דערזעהען אַרום דעם פינסטערען קרייז פון דער לבנה, וואָס האָט בעדעקט די זון, אונערוואַרטעטע, אונרעגעל־מעסיגע ראָז־פאַרביגע שטרייפען, פון וועלכע מ׳האָט ביז דאַמאָלס גאָר ניט געוואוסט. דערנאָך האָט מען זי נאָך איינינע מאָל געזעהען ביי די שפּעטערדיגע זונפינסטערנישען. נאָר גענויער איז מען דערגאַנגען, וואָס דאָס איז, נאָכדעם, ווי מ׳האָט געפונען אַ מיטעל צו בעטראַכטען זיי שטענדיג אָהן פינסטערנישען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס קומען פאָר אויף דער זון, אין דער טיפעניש פון דער פּאָטאָספערע, אונגעהויערע אויפרייסונ־גען, וואָס הויבען אויף מיט אַאונגלויבליכער שנעלקייט גראַנדיעזע סנאָפעס פון צוגליהטע שטאָפען, וועלכע צורייסען די חראָמאָ־ספערע און דערגרייכען אָפט די הויך פון 150, אפילו 500 טויזענד וויאָרסט. מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבען פּראָטובע־

ראַנסען („ארויסשטאַרצונגען“). זיי קומען שטענדיג פאָר. אַ סך אסטראָנאָמען פערנעהמען זיך איצט ספעציעל מיט פאָרשען די פּראָטובעראַנסען, ווייל דורך זיי בעקומט מען אַ בעגריעף פון דעם, וואָס ס'קומט פאָר אויף דער ווייטער זון, וואָס פאר ענדערונגען זי לעבט איבער, און דאָס גיט די מעגליכקייט צו ערקלערען, פון וואנען זי האָט זיך גענומען און וואָס וועט זיין מיט איהר דער סוף...

אזוי לעבט די זון, אזוי איז געווען מיליאָנען יאָהרען צוריק, אזוי וועט זיין נאָך מיליאָנען יאָהרען שפעטער. און אָט די שטורמישע מאַסע פון צוגליהטע שטאָפען גיט אונז ליכטיגקייט און ווארימקייט. ווען די זון וועט ווערען רוהיג, וועט זי ווערען טויט, און אויף אונזער ערד וועט אויך אַלץ אָבשטאַרבען און פערגליווערט ווערען. כדי אויף דער ערד זאָל קענען וואַקסען אַ גרעזעל און פליהען אַ זומער־פייגעלע, מוזען אויף דער זון פאָר־קומען גרויזאַמע איפּרייסונגען און גרויסאַרטיגע פּראָטובעראַנ־סען מוזען פליהען דורך די שטורמישע ווערלען פון דער חראָמאָ־ספערע. יע, כדי ס'זאָל וואקסען דאָס גרעזעל, אָבער אויך נאָך צוליעב דעם, אז דער מענש זאָל קענען דענקען און בעטראַכטען די גרויסקייט פון דער נאַטור און פערשטעהן און פיהלען זיין אייגענע עקזיסטענץ...

### III.

## די ערד.

ס'איז שווער צו גלויבען, דאָך איז עס ריכטיג, אז אונזער פינסטערע ערד איז אַנ'אמת'ע טאָכטער פון דער ליכטיגער זון. אַמאָל האָט זי אויך געלויכטען אין הימעל, ווי אַ העלער שטערן, און מעכטיגע פּראָטובעראַנסען פלעגען צערייסען איהר פליסיגען אויבערפלאַך. נאָר עס זענען פערגאַנגען טויזענדער יאָהרען, די

ערד איז אָבגעקיהלט געוואָרען; זי האָט זיך בעדעקט מיט א הארטער קאַלטער שאָלעכץ, וואָס אונטער איהר גליהט נאָך ערטערווייז דער פריהערדיגער פייער. און נאָר די פייערשפייענ־דיגע בערג, די וואולקאנען, דערמאָנען נאָך א מאָל די פריהער־דיגע יונגע זודיגע טעג פון אונזער זקנה. דער רייף, וואָס וואָלט געקענט ארומרינגלען דעם ערד־קוגעל אין ברייטסטען אָרט, וואָלט געמוזט האָבען אין דער לענג 5400 מייל, 108 מאָל ווע־ניגער ווי אויף דער זון. איהר דיאמעטער (די גלייכע ליניע, וואָס געהט דורך דעם צענטר פון א קוגעל פון איין זייט ביז דעם אנדערן) האָלט 1713,1 מייל. זי דרייט זיך איבער ארום איהר אקס פון מערב צו מזרח אין 24 שעה, און לויפט דורך איהר אָרביט, איהר וועג ארום די זון, אין א יאָהר, וואָס ענטהאַלט אין זיך 365 מעת־לעת 5 שעה 48 מינוט 46 סעקונדעס. די אָר־ביט פון דער ערד האָט די פאָרם פון אַנ׳עליפסיס, אזא מין לענגליכער עיגול, וואָס זעהט אויס כמעט ווי א דורכשניט פון אַנ׳איי אין דער לענג. די זון געפינט זיך ניט אין מיטען פונ׳ם עליפסיס, נאָר אין זיין פאָקוס -- דאָס איז אזא פונקט אין עליפסיס, וואָס איז נעהענטער צו איין ברעג, ווי צום אנדערן. אזוי קומט ארויס, אז דער מרחק פון דער ערד צו דער זון איז ניט שטענדיג דערזעלבער; אין דורכשניט איז ער אַנ׳ערך 20,122,000 מייל, אָבער זומער אין יוני, ווען די ערד לויפט דורך דעם טייל פון איהר וועג, וואָס איז צום ווייטסטען פון דער זון (אפהעליאָס) איז דער מרחק 20,460,050 מייל; ווינטער, אין דעצעמבער, איז זי צו דער זון נעהענטער ווי אַלע מאָל. דער מרחק רופט זיך פעריהעליאָס און בעטרעפט 19,783,950 מייל, דעריבער קומט אונז אויס די זון זומער אביסעל קלענער, איידער ווינטער. די גיכקייט פון דער בעוועגונג איז אויך ניט גלייכ־מאָסיג: ווען די ערד איז נעהענטער צו דער זון (ווינטער), איז

די בעוועגונג עפּיס גיכער, איידער בשעת זי איז ווייטער (זומער). ווי יעדער אונדורכזיכטיגער קערפּער, לאָזט די ערד אונטער זיך אַ שוואַרצען שאָטען, וואָס לויפט אַרום מיט איהר אַרום דער זון. ווייל די ערד איז אַ סך קלענער פון דער זון, האָט איהר שאָטען אַ פאָרם פון אַ קאָנוס (ווי אַ היטעל צוקער וואָס איז אונטען קיילעכדיג און ענדיגט זיך מיט אַ שפּיץ). ביי דער סאַמע ערד איז דער שאָטען אַזוי דיק, ווי דער ערד קוגעל; וואָס ווייטער ווערט ער אַלץ דינער און דינער. זיין לענג בייט זיך לויט דעם מרחק פון דער ערד ביז דער זון; וואָס ווייטער דער מרחק, איז דער שאָטען אויך לענגער: זומער איז ער 189,000 מייל לאַנג, ווינטער נאָר 183 טויזענד מייל. דאָס איז אַלץ זעהר וויכטיג צו געדענקען, ווען מיר ווילען גוט פערשטעהן די בעדינגונגען, ביי וועלכע עס קומען פאָר די לקוי־לבנה׳ס.

## IV.

## די לבנה.

דער „בעגלייטער" פון דער ערד, די לבנה — איז אַ קאַלטער, שוואַרצער וועלט־קערפּער, אינגאַנצען בעדעקט מיט בערג און קראַטערן, וואָס ווייזען אויף זיין אַמאָליגען פייערדיגען צושטאַנד. זי איז אַ סך קלענער פון דער ערד, איהר דיאַמעטער האָט אין דער לענג נאָר 469 מייל, כמעט פיער מאָל קלענער ווי ביי דער ערד. זי דרעהט זיך אַרום דער ערד און מאַכט דורך איהר גאַנצען וועג איז אַ משך פון אַ אידישען חדש, וואָס געדויערט 29 מעת־לעת 12 שעה 44 מינוט און 3 סעקונדעס. די בעוועגונג פון דער לבנה איז זעהר אַ פערפּלאָנטערטע, קאָמפּליצירטע, ווייל איהר אייגענע בעוועגונג אַרום דער ערד קאָמבינירט זיך, בינדט זיך צונויף מיט דער בעוועגונג פון

דער ערד אַרום דער זון, וואָס זי מוז מיטמאַכען. עד היום האָבען נאָך די געלעהרענטע זי ניט גאָר אינגאַנצען אויסגעפאָרשט, און דאָ קומען נאָך אָפט פאָר אייניגע קליינע פעהלערן אין זייערע חשבונות. דער מרחק איהרער פון דער ערד בייט זיך פון 48,960 ביז 54,640 מייל, אין דורכשניט 51,800 מייל. דעריבער קומט זי אויס אַמאָל אביסעל גרעסער, אַמאָל קלענער (דאָס קען מען נאָר בעמערקען, ווען מען מעסט גענוי איהר זעהבאַרע גרויס מיט ספּעציעלע אינסטרומענטען). די גיכקייט פון איהר אייגענער בעוועגונג בייט זיך אויך לויט איהר מרחק פון דער ערד: אין דורכשניט 12,000, די גרעסטע גיכקייט — 13,560, די קלענסטע נאָר 10,440 מייל אַ טאָג, אין דורכשניט לויפט זי אַרום דער ערד 30 מאָל פּאַמעליכדיגער, איידער די ערד אַרום דער זון. דער שאָטען פון דער לבנה האָט אויך אַ פאָרם פון אַ קאָנוס, וואָס ער ציהט זיך אין דער קעגענאיבערדיגער זייט פון דער זון. דאָס מוז מען אַלץ געדענקען, ווען מיר ווילען פערשטעהען די פּרטים, ווי אַזוי עס קומט פאָר אַ לקוי־חמה.

דערפון, וואָס די לבנה דרעהט זיך אַרום דער ערד, קומען אַרויס צווייערליי ערשיינונגען: די פּאַזיסען פון דער לבנה און די לקויים. אַלע ווייסען, אַז אין אַ משך פון אַ חדש בייט זיך רעגעל־מעסיג דער אויסזעהן פון דער לבנה: דאָ זעהען מיר אַ גאַנצען קרייז, דאָ גאָר אַ העלפט, דאָ גאָר אַ דינעם סערפּ, דאָ זעהען מיר זי גאָר ניט. די אַלע ערשיינונגען הייסען פּאַזיסען. די הויפּט־פּאַזיסען זענען פאָלגענדע: דער מולד, (ווען מ׳זעהט איהר גאָר ניט, אין אָנהויב חדש), דער ערשטער פערטיל (אַ האַלבער קרייז, די קייל־עכדיגע זייט צו מערב, אין זיבען טעג אַרום), די פולע לבנה (אַ גאַנצער קרייז אין מיטען חדש), דער לעצטער פערטיל (אַ האַלבער קרייז, די קיילעכדיגע זייט צו מזרח). נאָכדעם הויבען זיך די פּאַזיסען אָן ווידער פון אָנהויב אין זעלבען

סדר. דאָס האָבען די מענשען שוין בעמערקט אין אוראַלטע צייטען און אָנגעהויבען צו טיילען די צייט אין לבנה־חדשים. די אַלע ערשיינונגען דערקלערען זיך לייכט, ווען מיר וועלען זיך דערמאָנען, אַז די לבנה איז אַ פינסטערע קויל, וואָס בעקומט איהר שיין פון דער זון; איין העלפט פון איהר, וואָס איז געווענ־דעט צו דער זון, איז שטענדיג בעלויכטען, די אַנדערע -- פינסטער, אָבער כסדר בייט זיך די לאַגע פון דעם ליכטיגען קרייז צו אונז.

כדי גוט זיך פאָרצושטעלען די אַלע פאַזיסען, דאַרף מען אוועקשטעלען אַנ׳אָנגעצונדענעם לאָמפ אָנשטאָט דער זון און פאַמעליך בעוועגען ארום זיך פון רעכטס צו לינקס אַ קיילעכדיגע זאַך, למשל, אַ ווייסע פילקע, וואָס וועט פאָרשטעלען די לבנה, און אויפמערקזאם בעטראַכטען, וואָס פאַר אַ פאָרם וועט האָבען דער בעלויכטענער טייל, וואָס מיר וועלען זעהן; דער מענש וועט דאָ פאָרשטעלען די ערד. דאָס זעלבע קומט פאָר מיט דער ערד און דער לבנה. אין אָנהויב חדש שטעהט זי צווישען דער זון און דער ערד; דאַן איז צו אונז געווענדעט איהר פינסטערער טייל. זי מאַכט איהר טעגליכען גאַנג דורכ׳ן הימעל צוזאַמען מיט דער זון, און מיר קענען זי ניט בעמערקען. אין אַ טאָג ארום וועט שוין די לבנה שטעהן אַ ביסעל לינקס פון דער זון, נעהענטער צום מזרח־זייט, און תיכף נאָכ׳ן אונטערגאַנג פון דער זון ווע‍לען מיר דערזעהען נידעריג ביי׳ם האָריזאָנט אַ דינעם ליכטיגען סערפ, מיט די הערנער צו מזרח. אין אַ טאָג ארום וועט די לבנה זיין נאָך מעהר לינקס פון דער זון, דער סערפ וועט ווערען ברייטער. אין אַ וואָך ארום וועט די לבנה זיך געפינען אָן אַ זייט פון דער ערד און דער זון, און מיר וועלען זעהען ריכטיג אַ העלפט פון בעלויכטענעם האַלב־קויל פון דער לבנה -- דער ערשטער פערטיל. ס׳וועלען אַוועקגעהן נאָך זיעבען טעג, די לבנה וועט שוין שטעהן הינטער דער ערד (קוקענדיג פון דער

זון), און מיר וועלען זעהען די גאַנצע ליכטיגע העלפט איהרע. ווען די זון פערגעהט אין מערב־זייט, געהט די לבנה אויף אין מזרח, און די ערד געפינט זיך צווישען זיי. דאָס איז די פולע לבנה.

נאָכדעם הויבט די לבנה וויעדער אָן זיך צו דערנעהענטערן צו דער זון, נאָר פון דער רעכטער זייט, פון מערב־זייט. די לבנה געהט אויף אַלץ שפּעטער און שפּעטער נאָך זונאונטערגאַנג; אין זיבען טעג אַרום שטעהט זי ווייטער אָן אַ זייט פון דער ערד און דער זון, אָבער שוין רעכטס, מיר זעהען ווידער נאָר אַ העלפט פונ׳ם בעלויכטענעם האַלב־קויל, אָבער איצט שוין דעם רעכטען (קוקענדיג פון דער זון). די לבנה געהט אויף פּאַר דער זון, נאָך האַלבע נאַכט אין דער פריה. שפּעטער, ווען זי וועט קומען נאָך נעהענטער צו דער זון, וועלען מיר ווידער זעהן אַ סערפּ, אָבער אין דער פריה, און די הערנער זיינע וועלען קוקען צום מערב־זייט, דער סערפּ ווערט פון טאָג צו טאָג דינער און דערנאָך פערשווינדט ער: די לבנה שטעהט ווידער צווישען דער ערד און דער זון, ס׳איז ווידער דער מולד, ס׳איז אַוועק אַ גאַנצער חדש.

איצט קענען מיר שוין איבערגעהן צו די סבות, וואָס רופען אַרויס די לקויים. זיי קומען פאָר, ווען די זון, די ערד און די לבנה שטעהען אין איין ליניע. ביים מולד, ווען די לבנה שטעהט צווישען דער ערד און דער זון, קען פּאָרקומען אַ לקוי־חמה; ביי דער פולער לבנה, ווען די ערד שטעהט צווישען דער לבנה און דער זון -- אַ לקוי לבנה. אין פלוג קען זיך דוכטען, אַז לקויים דאַרפען פּאָרקומען יעדען חדש, דאָס איז אָבער ניט ריכטיג, ווייל די אָרביט פון דער לבנה ליגט ניט אין איין שטח מיט דער אָרביט פון דער ערד, נאָר זיי זענען איינע צו די אַנ־דערע אָנגעבויגען און בילדען אַ קליינעם ווינקעל. זיי בעגעגענען זיך אין צוויי פונקטען, וואָס הייסען די „קניפּלעך״. די קניפּלעך

בײטען שטענדיג זײער אָרט. דעריבער גערט די לבנה געװעהנ־
ליך דורך העכער אָדער נידעריגער פאַר דער ליניע, װאָס בינדט
צונויף די זון מיט דער ערד און קײן לקוי קומט ניט פאָר; אמאָל
אָבער שנײדט זי איבער די ליניע און דעמאָלט טרעפט זיך א לקוי.

V.

## אַ לקוי-לבנה.

לאָמיר איצט בעטראַכטען, װי אזוי גערט דורך א לקוי־
לבנה. װי ס'איז שוין געזאָגט געװען, טרעפט זיך דאָס ביי א פור־
לער לבנה, װען זי דאַרף דורכגערן פונקט הינטער דער ערד;
דאַן גערט זי אַרײן אין איהר ברײטען שאָטען און װערט אויף א
צײט פערשװאונדען. די לבנה און די ערד מיט איהר שאָטען
בעװעגען זיך איבער'ן הימעל פון רעכטס אויף לינקס, נאָר, װײל
די לבנה בעװעגט זיך גיכער, דעריאָגט זי דעם שאָטען און דער־
גרײכט איהם מיט איהר לינקער זײט. דעריבער הויבט זיך יעדער
לקוי־לבנה אָן פון דער לינקער זײט. אויף דער לבנה בעװײזט
זיך א קײלעכדיגער פלעק (דער שאָטען פון דער ערד), װאָס
װאַקסט אַלץ, ביז די לבנה גערט אין איהם אַרײן אינגאַנצען.
דאָס קען געדויערען ביז א שעה. װײל דער שאָטען איז א סך ברײ־
טער פון דער לבנה, בכן קען דער פולער לקוי, ביז די לבנה
גערט דורך דעם שאָטען, געדויערן ביז 2,5 שעה, אויב זי גערט
דורך דעם סאַמע מיטען פון דעם שאָטען, װאו ער איז צום
ברײטסטען. צום סוף בעװײזט זיך די לינקע זײט פון דער לבנה,
װאָס גערט פריהער ארויס פון שאָטען; ביסלעכװײז רוקט זיך
אַרויס דער גאַנצער קרײז פון דער לבנה; דאָס געדויערט אויך
ביז א שעה. אזוי קען דער גאַנצער לקוי פון אָנהויב ביז'ן סוף

געדויערן אין איין אָרט ביז 4,5 שעה, ניט מעהר. ווען די לבנה געהט דורך דעם שאָטען ניט אין מיטען, נאָר העכער אָדער נידעריגער, אָדער זי געפינט זי ווייטער פון דער ערד, **און זי שניידט דורך** דעם שמעלערן טייל פון שאָטען־קאָנוס --- **דאַן געדויערט** דער לקוי ווייניגער. אמאָל געדויערט דער פולער לקוי נאָר איין סעקונדע. אָפטמאָל טרעפט, אז די לבנה שטעהט אזוי הויך, אָדער אזוי נידעריג, אז דער גאַנצער קרייז קאָן ניט בע־דעקט ווערען פון שאָטען, נאָר עס בעדעקט זיך א טייל, דער אונ־טערשטער, ווען די לבנה שטעהט צו הויך, אָדער דער אויבער־שטער טייל, ווען זי שטעהט צו נידעריג. דאָס איז א טיילווייזער לקוי־לבנה. ביי א לקוי־לבנה ווערט די לבנה טאַקע אויף אנ׳אמת פ׳נסטער, ווייל די ערד נעהמט איבער די שטראַהלען פון דער זון און דערלאָזט זיי ניט צו דער לבנה. דעריבער ווערט דער אָנהויב און דער סוף פון א לקוי־לבנה בעמערקט אין דער זעלבער צייט אין אַלע פונקטען פון דער ערד, וואו ס׳איז דאַמאָלס נאַכט, און עס זעהט זיך די לבנה. בעטראַכטענדיג ביי׳ם אָנהויב דעם זייגער אין יעדער אָרט און פערגלייכענדיג די צאָהלען, קען מען אויסרעכענען, אויף וויפיעל עס אונטערשיידט זיך די צייט אין די פערשיעדענע ערטער. דערפון קען מען אויך אויסרעכענען, ווי ווייט געפינט זיך איין אָרט פון צווייטען. אין פריהערדיגע צייטען איז דאָס געוועזן דער איינציגער מיטעל פעסט צו שטעלען די לאַנגע פון פערשיעדענע פונקטען אויף דער ערד. איצט איז פאַרהאַן אַנדערע, בעסערע מיטלען, אָבער דאָך בענוצט מען זיך נאָך ער היום מיט די לקויים צוליעב אָט די צוועקען.

## VI.

## א לקוי־חמה.

**א סך** אנדערש געהט דורך א לקוי־חמה. **ווי ס׳איז שוין**

דערקלערט געוואָרען, קאָן אזא לקוי פּאָרקומען נאָר אין מולד, אויב די לבנה געהט דורך צווישען דער ערד און דער זון. דאַן פערדעקט די לבנה אויף א צייט א טייל פון דער זון אָדער די גאַנצע זון. די לבנה קען פערדעקען די גאַנצע זון, כאָטש זי איז א סך קלענער פאַר איהר, ווייל זי געפינט זיך על פי ערך פיעל נעהענטער צו דער ערד. מיר ווייסען, אז א קליינער קערפּער, וואָס איז נאָהענט צו אונז, קומט אונז אויס גרעסער, איידער א גרויסער, וואָס איז ווייט. די לבנה בעוועגט זיך פון רעכטס, מערב, צו לינקס, מזרח-זייט. רעריבער הויבט זיך יעדער לקוי חמה אָן ביי דער רעכטער זייט פון דער זון, און איז די מערב'דינע ערטער, זעהט מען איהם פריהער, איידער אין די ערטער, וואָס ליגען נעהענטער צום מזרח. דאָ קומט פאַר די זעלבע ערשיינונג, אזוי ווי א קליינער וואָלקען וואָלט זיך דורכגעטראָגען אין הימעל פון מערב צו מזרח-זייט און פערדעקען אויף א צייט די שיין פון דער זון. מיר קענען גרינג בעמערקען פון ווייטען, אז די ערטער, וואָס ליגען נעהענטער צו מערב-זייט, זענען שוין בעדעקט מיט'ן שאָטען פון וואָלקען, און ביי אונז איז נאָך ליכטיג; דער־נאָך, וועט ביי אונז ווערען טונקעל, און אין יענע ערטער וועט שוין זיין ליכטיג. חוץ דעם האָט די ערשיינונג אין דער זעלבער צייט אַנ'אַנדער אויסזעהן אין פערשיעדענע טיילען פון דער ערד, ווייל די ערד איז זעהר גרויס אין פערגלייך מיט'ן שמאָלען שפּיץ פון דעם לבנה-שאָטען, וואָס איז אויסגעשטרעקט צו דער ערד. אין א גאַנץ שמאָלען פּאַס פון דער ערד קומט אויס, אז דער צענטער פון דער לבנה געהט פאַרביי דעם צענטער פון דער זון. אזא לקוי רופט זיך א „צענטראַלער". די לאַגע פון דעם פּאַס קען מען פאָראויס אויסרעכענען. אין די ערטער, וואָס געפינען זיך אין צפון זייט פון דעם פּאַס, וועט די לבנה פערדעקען נאָר דעם אונטערשטען, דעם דרום-טייל, פון דער זון, אויבען, אין

צפון־זייט. וועט בלייבען אַן׳אונפּערדעקטער טייל, וואָס וועט זיין אַלץ ברייטער, וואָס מעהר אין צפון עס ליגט דער אָרט, פון וואַנען מיר בעטראַכטען די ערשיינונג. דאָרט וועט פאָרקומען א טיילווייזער דרום-לקוי־חמה. אין די געגענדען, וואָס ליגען אין דרום פונ׳ם צענטראַל־פּאַס, וועט זיין פונקט פערקעהרט: דער אויבער׳שטער טייל וועט זיין פערדעקט און אונטען וועט בלייבען א ליכטיגער סערפּ, א שמאָלער אָדער א ברייטער, לויט דער לאַגע פון אָרט: דאָרט וועט פאָרקומען א טיילווייזער צפון־לקוי.

עס איז גרינג צו פערשטעהן, אז אָפט מאָל קומט פאָר נאָר א טיילווייזער לקוי, אין די צפון־לענדער אָדער אין די דרום־לענדער, און קיין צענטראַלער פּאַס איז גאָר ניטאָ. דאָס טרעפט דאַן, ווען די לבנה געהט צו הויך (צו צפון־זייט) אָדער צו נידעריג (צו דרום־זייט).

אין דעם צענטראַל־פּאַס גופא קענען פאָרקומען צוויי סאָרטען פינסטערנישען: א רינגאַרטיגע אָדער א פולקומע. דאָס ווענדט זיך אָן דעם מרחק פון דער לבנה צו דער ערד און אין דער לענג פון איהר שאָטען אין דער צייט פון לקוי. ווען דער שאָטען איז קירצער, ווי דער מרחק פון דער לבנה צו דער ערד, קען ער ביז איהר ניט דערגרייכען. די לבנה קומט אונז אויס אביסעל קלענער פאר דער זון, און זי קען זי ניט פערשטעלען אינגאַנצען. ווען די לקוי דערגרייכט די העכסטע מדרגה, און דער צענטער פון דער לבנה שטעהט פונקט אנטקעגען דעם צענטער פון דער זון, דעמאָלט זעהט זיך דער גאַנצער שוואַרצער קרייז פון דער לבנה מיט זיינע אויסגעשצערבעטע ראַנדען (דאָס זענען די הויכע בערג אויף דער לבנה) אין מיטען זון־קרייז, און איז איינגעפאַסט אין א גאָלדענער ראַהם פון דעם שטראַהלענדען טייל פון דער זון, וואָס רינגעלט איהם ארום פון אַלע זייטען. דאָס הייסט א רינגאַרטיגער לקוי. די ליכטיגע ראַהם איז אמאָל

ברייטער, אמאָל שמעלער, דאָס ווענדט זיך פון די מרחקים, וואָס ווירקען אויפ'ן לקוי. די רינגאַרטיגע פאָרם געדויערט זעהר ניט לאַנג, פון איין סעקונדע ביז 12,5 מינוט; דער שוואַרצער קרייז רוקט זיך ביסלעכווייז אַלץ מעהר צו לינקס, ער דערגרייכט ביז צום לינקען ראַנד פון רינג, און צעררייסט איהם: דער לקוי ווערט ווידער א טיילווייזער, ווי פריהער.

א פולקומענער לקוי קומט פאָר דאַן, ווען דער שאָטען פון דער לבנה איז לענגער. איידער דער מרחק פון דער לבנה ביז דער ערד, און די לבנה קומט אונז אויס אביסעל גרעסער, איידער די זון: דעמאָלט דערגרייכט דער שאָטען־קאָנוס ביז צום אויבער־פלאַך פון דער ערד און בילדעט אויף איהר א קיילעכדיגען אָדער לענגליכען פלעק, וואָס בעוועגט זיך פון מערב קיין מזרח.

דאָס קאָן מען זעהר גרינג בעמערקען, ווען מען שטעהט אויף א הויכען באַרג אָדער מ'הויבט זיך אויף הויך אויף א לופט־באַלאָן. אין די ערטער, וואו דער פלעק געהט דורך, ווערט דעמאָלט געזעהן א גאַנצער לקוי. די ברייט פון פלעק איז פער־שיעדען: פון איינינע צעהנדליג קלאַפטער ביז 300 וויאָרסט, לויט דער לענג פון שאָטען און דעם מרחק פון דער לבנה. דער לקוי איז ניט פולקומען אויף דער גאַנצער לענג פון צענטראַל־פאַס: ער הויבט זיך געוועהנטליך אָן אלס א רינגאַרטיגער אין מערב־טייל פון פאַס, אין מיטען ווערט ער פולקומען, דערנאָך ווערט ער ווייטער רינגאַרטיג, ביז וואַנען ער פערלאָזט אינגאַנ־צען די ערד. אין דעם זעלבען אָרט געדויערט א פולקומענער לקוי פון איין סעקונדע ביז אַכט מינוט, דאָס לעצטע זעהר זעלטען. זיין גאַנצער וועג איבער דער ערד קען געדויערן ביז פינף שעה. א טיילווייזער לקוי־חמה קען געדויערן אויף דער גאַנצער ערד ביז זיבען שעה. אין יעדער אָרט בעזונדער איז זיין געדויערן פערשיעדען.

פינקטליך פאָראוים אויסרעכענען, אין וואָסער אָרט אין צענטראַל־פאַס וועט זיך אָנהויבען דער פולקומענער לקוי און וואו וועט ער זיך ענדיגען, וויפיעל צייט וועט ער געדויערן אין יעדען אָרט — איז נאָך עד היום אונמעגליך, ווייל אין דער בעוועגונג פון דער לבנה זענען פאַראַנען זעהר אַ סך אונרעגעלמעסיגקייטען, זייער צאָהל דערגרייכט שוין איצט ביז זעכציג, און ס'איז געוויס פאַרהאַן נאָך מעהר ניט בעוואוסטע. דאָס מאַכט זעהר שווער די חשבונות. נאָך איטליכען לקוי־חמה גיט זיך איין בעסער אויספאָרשען און אויסרעכענען די בעוועגונג פון דער לבנה, אויסבעסערן אייניגע פעהלערן. דעריבער האָט אַרויסגערופען אַזאַ לעבהאַפטען אינטערעס די לעצטע זונפינסטערניש פון 4־טען אַפּריל פון יאָהר 1912.

## VII.

## דער לקוי־חמה פון 4־טען אַפּריל.

דער לקוי פון 4־טען אַפּריל האָט געדאַרפט פאָרקומען ביי אייניגע זעהר גינסטיגע בעדינגונגען: מען האָט געוואוסט, אַז ער וועט זיך אָנהויבען אין מיטען טאָג, ווען די לופט איז אָפטער ריין פון וואָלקענס, און זיין צענטראַל־פאַס וועט דורכגעהן דורך די געבילדעטסטע לענדער פון אייראָפּאַ, זעהר נאָהענט צו די גרויסע אָבסערוואַטאָריעס פון ליסאַבאָן, פאַריז, פּאָטסדאַם און פולקאָוו נעבען פּעטערבורג. עס זענען געמאַכט געוואָרען גרויסע הכנות, בכדי אויסצונוצען אַזאַ גינסטיגען צופאַל צו מאַכען פערשיעדענע אַסטראָנאָמישע פאָרשונגען: אויסמעסטען נאָך אַמאָל דעם דיאַמעטער פון דער זון און דער לבנה, אויסרעכענען די גיכקייט פון איהר בעוועגונג, בעטראַכטען און פאָטאָגראַפירען די קרוין פון דער זון, און נאָך פערשיעדענע

ספעציעלע ערשיינונגען. די אָבסערוואַטאָריעס און אַ סך הויכ־שולען האָבען ארויסגעשיקט ספעציעלע עקספעדיציעס מיט אינסטרומענטען אין די נאָהענטע ערטער, וואו די ערשיינונג האָט געדאַרפט פאָרקומען צום בעסטען. די לאַגע פון צענטראַל־פאַס איז געווען פעסטגעשטעלט פון אַ סך אַסטראָנאָמען איינ־שטימיג און ריכטיג. מען האָט געוואוסט, אַז דער לקוי וועט זיך אנהויבען אין ווענעצועלא, אין דרום־אמעריקא, און דאָרט וועט ער זיין רינגאַרטיג; דערנאָך וועט ער איבערגעהן אויפ'ן אַנטלאַנ־טישען אָקעאַן, און דאָרט וועט ער ווערען פולקומען, פון דאָרט וועט ער אָנקומען אין אייראָפּאַ, וועט דורכגעהן פּאָרטוגאַל, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און רוסלאַנד (ניט ווייט פון פּעטער־בורג) און וועט פערלאָזען די ערד אין סיביריען.

די פראַגע איז נאָר געווען, אין וואָסער אָרט וועט דער פולקומענער לקוי ווידער ווערען רינגאַרטיג: דאָס איז געווען זעהר שווער פעסטצושטעלען, ווייל ס'איז נאָך ניט פּינקטליך אויסגערעכענט דער מרחק פון דער לבנה צו דער ערד אין אַלע צייטען פון חדש. דעריבער האָט די פראַגע ארויסגערופען פער־שיעדענע מיינונגען ביי די געלעהרטע. די פראַנצויזישע אָפיציעלע אַסטראָנאָמישע איינריכטונג (ביוראָ דע לאָנגיטוד) האָט אויס־גערעכענט, אַז דער לענגסטער פולקומענער לקוי, 6 סעקונדעס וועט פאָרקומען אין פּאָרטוגאַל, נעבען דער שטאָדט קאַאימבראַ, אָבער אויך אין פראַנקרייך וועט דער לקוי זיין אַ פולקומענער, נעבען פּאַריז וועט ער דויערן נאָר 2 סעקונדעס. דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די חשבונות זענען ניט אינגאַנצען ריכטיג. דער פראַנצויזישער אַסטראָנאָם, דער גלח מאַריי, האָט אויפגע־וויזען, אַז אין גאַנץ פראַנקרייך וועט דער לקוי זיין נאָר אַ רינג־אַרטיגער, ווייל דער מרחק פון דער לבנה איז אַביסעל גרעסער, ווי מען האָט פריהער געמיינט. דער קומענדיגער לקוי האָט

געדאַרפט אויפווייזען דעם אמת.

די גרויסע פובליק האָט זיך אויך זעהר אינטערעסירט מיט דער פאָרשטעהנדיגער זעלטענער ערשיינונג. אדאנק דער טעגליבער פרעסע איז ניט געווען במעט קיין איין אָרט אין אייראָפּאַ וואו מען האָט ניט געוואַרט מיט אונגעדולד אויפ'ן 4־טען אַפּריל. און דער טאָג האָט קיינעם ניט אָבגענאַרט. אַרום 12 אַ זייגער האָבען אַלע שטעדט און שטעדטלעך פון מיטעל־און צפון־אייראָפּאַ פאָרגעשטעלט אַנ'אייגענאַרטיגען אויסזעהן; דער־הויפט איז עס געווען אינטערעסאַנט אין די גרויסע שטעדט. עס האָט זיך געפיהלט עפּעס אַ ניט־געוועהנליכע יום־טוב'דיגע שטימונג.

עס איז געווען אַ שענער וועטער, די זון האָט העל געלויכטען אין ריינעם הימעל. אויף די פרייע פּלעצער און הויכע ערטער זענען שוין געשטאַנען קופּעס מענשען, וואָס זענען געקומען אהער צו בעטראַכטען דעם ספּעקטאַקל, וואָס מ'האָט אויף איהם אַזוי לאַנג געוואַרט. דורך די גאַסען האָבען זיך גע־צויגען מחנות שול־קינדער מיט די לעהרער בראש צו די ערטער, פון וואַנען מען האָט געקענט בעסער זעהן. די קינדער זענען געווען פריידיג אויפגערעגט; זעהענדיג די אַלע הכנות, האָבען זיי זיך געריכט צו זעהן עפּעס בעזונדערעס, שרעקליכעס. אַלע האָבען געהאַט טונקעלע אָדער פעררויכערטע גלעזלעך, ס'איז אויסגעוואַקסען אויף אַ פּאָר שעה אַ ספּעציעלער צווייג פון פרנסה — פעררויכערן און פערקויפען די גלעזלעך, און אונ־טערנעהמערישע מענשען האָבען אויף די גאַסען געטריבען די נייע פאַבריקאַציע און געשמאַק געלייזט. וואַרטענדיג אויף די בערג, האָבען יונגע לייט פערבראַכט, געלאַכט, מען האָט זיך געוויצעלט, ס'איז געווען פרעהליך.

מיר רעכענען פאַר איבעריג בעשרייבען באריכות דעם

**לקוי גופא:** יעדער לעזער האָט איהם געוויס בעטראַכט און דער איינדרוק איז נאָך געווען שטאַרק. יעדער געדענקט געוויס, ווי אויף דער רעכטער זייט פון דער זון, אונטען, האָט זיך בעוויזען די ערשטע פגימה, ווי דער שוואַרצער פלעק איז ביסלעכווייז געוואַקסען, ביז ער האָט פערדעקט דעם גרעסטען טייל פון דער זון, און לינקס איז געבליבען נאָר אַ שמאָלער ליכטיגער סערפּ, וואָס האָט זיך דערנאָך אַראָבגערוקט אונטען און אַריבער געגאַנגען אויף דער רעכטער זייט זון; דער שוואַרצער פלעק האָט זיך אַלץ ווייטער גערוקט צו לינקס, ביז ער איז אינגאַנצען פערשוואונדען געוואָרען אויבען לינקס. אַזוי האָט דער לקוי אויסגעזעהן אין די געגענדען, וואָס זענען געלעגען אין דרום־זייט פון דעם צענטראַל־פּאַס (אין גאַנצען יודישען תחום). ווען ס'איז פערדעקט געוואָרען דער גרעסטער טייל פון דער זון, איז געוואָרען אַ סך טונקעלער, די לופט איז געוואָרען קעלטער. די שאָטענס זענען געוואָרען שאַרפער און דייטליכער. די וואַרימקייט פון דער לופט איז געפאַלען אויף איינִיגע גראַד, עס האָט געבלאָזען אַ קאַלטער ווינטעל, די גאַנצע ערשיינונג האָט אין אונזערע קאַנטען געדויערט אין יעדער אָרט אַנ'ערך צוויי מיט אַ האַלבע שעה.

דער לקוי האָט דעם אוצר פון דער מענשליכער וויסענשאַפט צוגעגעבען נאָך אַ פּאָר קערענדלעך, וואָס וועלען ברענגען מיט דער צייט זייער פּרוכט: ער האָט בעשטעטיגט די פּאָראויסזאָגונג פון גלה מאָריי, אַז נאָך פריהער פון פראַנקרייך ועט זיך אָנהויבען די רינגאַרטיגע פאָרם, און אַז אין גאַנץ אייראָפּאַ, חוץ פּאָרטוגאַל, וועט ניט זיין קיין פולקומענער לקוי. עס זענען געמאַכט געוואָרען נאָך אַ סך אַנדערע בעאָבאַכטונגען, וואָס אַסטראָנאָמען וועלען נאָך לאַנג בעאַרבייטען און בענוצען בייזייערע קומענדיגע חשבונות. נאָר אויך דער פּשוט'ער מענש,

וואָס ווייס ניט קיין חכמות, האָט דאָ איבערגעלעבט עפּעס אני־אונגעוועהנליכען, הויכען געפיהל, כאָטש ניט יעדער וואָלט איהם געקענט אויסדריקען. עס איז געווען אַ יום־טוב אויף דער וועלט, וואָס האָט ניט זיין גלייכען. ער איז געווען פערשיעדען פון די אַלע היסטאָרישע, נאַציאָנאַלע רעליגיעזע אָדער קלאַסען ימים־טובים, וואָס פעראייניגען פעסטער אַ גרופּע מענשען, טיילען זיי אָבער דערמיט אָב פון אַנדערע גרופּעס און רופען ביי זיי אפשר ארויס אַ שנאה... דאָס איז ארויסגעטראָטען אַזאַ אינטערעס, וואָס האָט ניט קיין שום שייכות צו די מאָגען־פראַגען פון אַל־טעגליכען לעבען, וואָס צוברעקלען די מענשהייט אויף פיינדליכע קלאַסען און נאַציעס. איין ערהויבענער געפיהל, איין איידעלע, אמת מענשליכע שטרעבונג — צו פאָרשען און וויסען פאַר זיך שלא על מנת לקבל פרס — האָט ארומגעכאַפּט אַלע מענשען אָהן אונטערשיעד פון עלטער, געשלעכט, קלאַס און נאַציע, און האָט זיי אַלעמען פעראייניגט. כאָטש אויף אַ קורצע צייט זענען אנטשוויגען געוואָרען אַלע פיינדליכע געדאַנקען, און יעדער מענש האָט אין דעם אַנדערן דערפיהלט אַ ברודער, מיט דער זעלביגער נשמה, מיט די זעלביגע בענקענישען. אויף אונזער פינסטערער, מיט בלוט און טרערען אָנגעזאַפּטער ערד, אין דער שטיקענדער לופט פון קנאה און שנאה זענען אויף אַ רגע אויס־געוואַקסען מילדע, ווייסע בלימעלעך פון אַחדות און שלום: אין אונזערע קאַלטע נשמות איז אַריינגעדרינגען אַ ליכטיגער שטראַל פון דער ווארימער זון, וואָס וועט בעלייכטען די גליקליכע ערד אין יענע ווייטע צייטען, ווען ס'וועט מקוים ווערען דער גרויסער אייביגער חלום פון אונזערע אלטע נביאים, און „די פעלקער וועלען איבערשמידען זייערע שווערדען אויף גראָבאייזענס און זייערע שפּיזען אויף שניידמעסערס. און קיין פאָלק וועט ניט אויפהויבען אויפ'ן צווייטען קיין שווערד, און מ'וועט זיך ניט

לערנען מלחמה האלטען. און די גאנצע ערד וועט איבערפולט ווערען מיט געטליבער וויסענשאפט, ווי די וואסערן בעדעקען דעם ים".



No. 1—2

זאמלונג „פאָלקסבילדונג"

I

דר. י. בלומשטיין.

# דאַרוויניזם און זיין טעאָריע

(אַ פּאָפּולער וויסענשאַפטליכער שמועס)

II

פּראָפ. ג. רוה.

# מאַן־און ווייב־לעבען ביי די חיות

פּרייז 20 סענט.

ארויסגעגעבען פון
פערלאַג „פאָלקסבילדונג"
הויפּט־פערקויף ביי דעם „ליטעראַרישען פערלאַג"
256 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק
1915.

„ס׳איז ניטאָ אויף דער וועלט קיין גאונים. אין יעדען גאון איז פאַרהאַן בלויז צוויי פּראָצענט גאונות און אַכט און ניינציג פּראָצענט שווייס״.

עדיסאָן.

„אַלץ, וואָס איך האָב אויפגעטאָן פאַר דער וויסענשאַפט, האָב איך אויפגעטאָן מיט לאַנגען טראַכטען, מיט גרויס געדולד און מיט פיעל אַרבייט״.

(דאַרווין אין זיין אויטאָביאָגראַפיע.)

## I.

# דארווינ׳ס לעבען

מיט הונדערט און זעקס יאָהר צוריק, ד. ה. אין 1809־טען יאָהר איז דאַרווין געבאָרען געוואָרען, אין אַקליינער ענגלישער שטעדטיל, וואו זיין פאָטער איז אַדאָקטאָר געווען. די משפּחה דאַרווין איז פון דור דורות בעשטאַנען פון קעפּ־מענשען, פון דאָקטוירים, נאַטור־פאָרשער, שריפטשטעלער, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער אָדער יענער וויסענשאַפט, אזוי׳ אז דאַרווין האָט אויף זיך אַליין בעוויזען די ריכטיגקייט פון זיין „פערערבונגס־געזעץ״, ד. ה. די מעגליכקייט איבערצוגעבען בירושה די אָדער יענע אייגענשאַפט אָדער פעהיגקייט.

ווי דאָס רוב צוקונפטיגע גרויסע מענשען, האָט זיך דאַרווין אין זיינע יונגע יאָהרען, ווי אין דער אָנפאַנגס־שול אזוי אויך אין דער מיטעל־שול און אַפילו אויך אין דער העכערער שול געלערענט זעהר מיטעלמעסיג, „קוים אויף טראָיקעס״, ווי מ׳זאָגט

ביי אונז. איהם האָבען ניט אינטערעסירט די טרוקענע תורות פון די געדרוקטע ביכער; פון די שפּראַך לערנעניס, בעזונדערס פון לאַטיין און גריכיש, האָט איהם בפועל געעקעלט. איהם האָט פון קינדווייז אָן געצויגען צו דער לעבעדיגער געהיימניס־פולער נאַטור, צו דער אַרומיגער אָרגאַנישער וועלט: צו די גראָזען, בלומען, ביימער און אַנדערע פלאַנצען; צו די ווערים, פליעגען, פישען, און אַנדערע חיות, וואָס פילען אָן די וועלט מיט „לעבע־דיגען לעבען". אָט צו דעם דאָזיגען „פערחתמ'עטען וועלט בוך" האָט ער געהאַט אמורא'דיגע תשוקה פון זיינע קינדערשע יאָהרען אָן; אָט אין איהם האָט ער חשק געהאַט צו לעזען טאָג־טעגליך, אום מיט דער צייט ארויס־צולעזען פון איהם די סאַמע פערבאָר־גענע זאַכען, צו ענטפּלעקען דעם „סוד פון אַלע סודות", דעם סוד פון מעשה בראשית.

נאָך אַלס אַנ'אַכט יאָהריג קינד האָט ער שוין געהאַט גרויסע זאַמלונגען פון כל'ערליי פלאַנצען, פערשיעדענע קאָלעקציעס פון אַלערליי ווערים, פליעגען, ראַקעס, מויער־קעפּלאַך, פערשיע־דענע מינעראַלען, ביינער פון פערשיעדענע חיות. מיט אַבעזונ־דערער ליידענשאַפט האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט פיש־פאַנ־גען—זייענדיג דערביי אַגרויסער בעל רחמים אויף יעדע לעבעדיגע בעשעפעניס—מיט געיעג, אָבער ניט צוליעב ספּאָרט, צוליעב פערברענגען גוט די צייט, נאָר צוליעב דער תשוקה, וואָס בעסער און וואָס נעהענטער זיך צו דערקענען מיט דער וועלט פון די לעבעדיגע ברואים.

—„דו האָסט נור חשק בסדר אַרומצושלעפּען זיך מיט הינד, צו פאַנגען מייז, צו פישען און צו נאָך אַזוינע נויטיגע זאַכען—האָט איהם אַמאָל זיין פאָטער געמוסר'ט—צום לערנען איז ביי דיר גאָר קיין התמדה נישטאָ. אָבער וואָס וועט פון דיר זיין? דו וועסט דאָך אויסוואַקסען פאַר אַ חרפּה זיך אַליין און אונזער גאַנצער

משפחה!״

,,מיין פאָטער־־בעמערקט דערויף דארווין אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפּיע־־איז געווען ניט גאַנץ גערעכט מיט די דאָזיגע האַר־טע ווערטער זיינע״.

פון דער אָנפאַנגס־שול, וואו דאַרווין האָט זיך זעהר שלעכט געלערנט, האָט איהם זיין פאָטער באַלד ארויסגענומען און אריבערגעפיהרט איהם אין אַגימנאַזיום, אָבער אויך דאָרט האָט ער פון איהם קיין נחת ניט געקליבען. מיט מיה און מאַטערניש אָט ער ווי עס איז געענדיגט ,,די 7 קלאַסען״ אין איז מיט מזל אָנגעקומען אין דער העכערער מעדיצינישער שול (זיין פאָטער האָט בדעה געהאַט איהם צו מאַכען פאַר א דאָקטאָר, א פּראָ־פעסיע, מיט וועלכע די משפחה דארווינס האָבען זיך בעשעפ־טיגט פון לאַנגע דורות אָן).

,,באַלד אָבער־־שרייבט דאַרווין אין זיין אויטאָביאָגראַפּיע־־האָב איך זיך איבערצייגט, אז מיין פאָטער וועט מיר לאָזען אזא ירושה, פון וועלכער איך וועל זיך קענען דורכלעבען אויך אָהן דאָקטאָריע. און איך האָב אָנגעהויבען צו קוקען אויף מיין שטו־דירען מעדיצין, ווי אויף א זאַך, וואָס האָט צו מיר גאָר א קנאַפּע שייכות״...

וואָרפענדיג די מעדיצין איז ער מיט׳ן הסכם פון זיין פאָ־טער אָנגעקומען אין א העכערע שול פאַר גייסטליכע. איהם האָט זיך געדוכט, אז ער וועט זיין א גוטער דאָרף־גלח. אָבער די לימודים, מיט וועלכע מען האָט איהם געשטאָפּט אין דער דאָ־זיגער ,,העכערער שול פאַר גייסטליכע״, זענען איהם געקראָכען פון האַלז. זיין לימוד האָט זיך די גאַנצע פיער יאָהר געצויגען ווי פון פעך און ער האָט קוים מיט צרות געענדיגט די דאָזיגע אוני־ווערזיטעט און בעקומען מיט מזל א דיפּלאָם מיט דעם צוגאָב: ,,ווי פיעלע אַנדערע״, ד. ה. אויף פשוט־־די סאַמע נידעריגסטע

שטופּע. און דאָך איז ער געווען מלא שמחה, וואָס ער איז לסוף אויסגעלעזט געוואָרען פון די טויטליך־לאַנגווייליגע לעקציעס פון די „געלעהרטע״ פּראָפעסאָרען, וואָס ער איז אַראָב ענדליך פון דער שול־באַנק און אַ פרייער מענש געוואָרען.

„איך האָב היינט לסוף אויסגעהאַלטען מיין עקזאַמען! — האָט ער אין דעם טאָג געשריבען זיינעם אַ גוטען פריינד — עקזאַמען! עקזאַמען! עקזאַמען! עקזאַמען!... איך בין קאַפּאַבעל באַטש אַ גאַנצען בויגען פּאַפּיר אויסצופילען מיט׳ן דאָזיגען צוי־בער־וואָרט „עקזאַמען!״ — אַזוי גליקליך בין איך, וואָס איך בין פון איהם פּטור געוואָרען!״

דאַרווין איז געוואָרען אַ פרייער מענש, אָבער וואָס צו טון, וואָס פאַר אַ וועג זיך אויסצוקלייבען אין לעבען, איז פאַר איהם אַליין געווען אונקלאָר. ווערען אַ גלח, כאָטש ער האָט געהאַט דאָס רעכט דערויף, האָט איהם ניט געצויגען און ער איז דער־ווייל — אַמת נאָך אַלס אַ יונגער, 20־יאָהריגער מענש — געווען אָהן אַ בעשטימטער פּראָפעסיע.

באַלד אָבער האָט זיך געמאַכט אַ צייטינגער, נישט־ווער־טער צופאַל, וועלכער האָט אַרויפגעפיהרט דאַרווינען אויפ׳ן ריכטיגען וועג, וועלכער האָט געמאַכט פונ׳ם יונגען, געוועהנ־ליכען, אונבעוואוסטען בחור׳ל אַ וועלט־בעריהמטען געלעהרטען, איינעם פון די גרעסטע וועלט־גאונים.

איינער אַ שיפס־קאַפּיטאַן, האָט מיט עטליכע יאָהר פריער געבראַכט פון אַ ווייטער אינזעל צוויי נאַקעטע ווילדע מענשען קיין ענגלאַנד. אום זיי דאָרט צו מאַכען פאַר קולטור־מענשען, כדי נאָכדעם זיי צוריק אָבצופיהרען אין זייער אייגען־לאַנד אריין. דערמיט האָט ער געוואָלט דערגרייכען דעם ציעל, אַז די גאַנצע בעפעלקערונג פון דער דאָזיגער אינזעל, וועלכע איז בעשטאַנען פון ווילדע מענשען־פרעסער, זאָל זיך פון זייערע

אייגענע לאַנדס־לייט אָבלערנען מענשען־מידות, ווערען קולטור־מענשען. דאָס פּאָר ווילדע מענשען האָבען שוין אין ענגלאַנד „גענענדיגט זייער קורס"; זיי זענען שוין געווען אייראָפּעאיש גע־קליידעט, אויפגעפיהרט זיך, ווי געבאָרענע ציוויליזירטע מענ־שען; און דער קאַפּיטאַן האָט זיך צוגעקליבען זיי צוריק אָבצור־שיקען אין זייער היימאַט־לאַנד אום דאָרט קולטור צו פערשפּריי־טען. צוליעב דעם דאָזיגען צוועק האָט ער אָרגאַניזירט אַ ווייטע ים־רייזע, וועלכע האָט, לסוף, בעקומען אַ שליחות פון דער ענג־לישער רעגירונג צו מאַכען אַ לאַנג־יאָהריגע רונד־רייזע אַרום דער גאַנצער ערד־קוגעל, כדי גענוי צו בעשטימען דעם ים־גרעניץ פון די אַמעריקאַניש־ענגלישע קאָלאָניעס און אגב אויך אויסצור־פּאָרשען וויסענשאַפטליך ווי דעם געאָלאָגישען צושטאַנד, אַזוי אויך די פּלאַנצען און חיות־וועלט פון די סאַמע ווייטעסטע מקומות. דאַרווין האָט, מיט דער הילף פון זיינעם אַ בעקאַנטען פּראָפעסאָר, בעקומען אין דער דאָזיגער עקספּעדיציע די שטעלע פון אַ קאָלעקציאָנער, ד. ה. פון אַ זאַמלער פון פערשיעדענע מינעראַלען, פּלאַנצען און לעבעדיגע ברואים אין די אַלע ערטער, וואָס דער „ביגל"—אַזוי האָט דאָס שיף געהייסען—וועט בעזוכען.

זיין פאָטער איז געווען נעגען דער דאָזיגער נסיעה, וואָס וועט „צו קיין תכלית ניט פיהרען"; אויך דער יונגער דאַרווין אַליין האָט זיך געפיהלט ניט גענוג צוגעגרייט צו אַזאַ פעראַנט־וואָרטליכער מיסיע, אָבער זיין בעקאַנטער פּראָפעסאָר האָט איהם צוגערעדט און אַזאַ אינטערסאַנטע נסיעה „אַרום דער גאַנצער וועלט" האָט דעם 22־יאָהריגען דאַרווינען אַזוי גערייצט, דאָס ער האָט בעשלאָסען אויך נעגען דעם ווילען פון פאָטער (וועלכער האָט, סוף כל סוף, אויך מסכים געווען) צו מאַכען די דאָזיגע נסיעה.

אָט די דאָזיגע נסיעה אויפ'ן שיף „ביגל" איז פאַר

דאַרווינען געווען דער ווענדע־פונקט אין זיין לעבענס־וועג! און, אויב פון דעם קאַפּיטאַנס אויפטו מיט די צוויי קולטיווירטע ווילדע מענשען האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזען (ווייל, ווי זיי זענען געקומען צוריק אין זייער ,,פייער־לאַנד״, אַזוי האָבען זיי פון זיך ווידער אַראָבגעוואָרפען די קליידער און אומגעקעהרט זיך צוריק צו זייער ווילדען צושטאַנד), דערפאַר אָבער האָט די דאָזיגע נסיעה געהאַט אַ מורא׳דיגע ווירקונג אויף דעם פּראָגרעס פון דער גאַנצער קולטיווירטער מענשהייט. אין דער דאָזיגער פינף־יאָהריגער נסיעה האָט דאַרווין, אין דער פאָרם פון אַ קאָלעקציע פּלאַנצען און לעבעדיגע ברואים, אויפגעקליבען דעם גאַנצען מאַטעריאַל, פון וועלכען ס׳איז אין איבער פערציג יאָהר אַרום אַרויסגעוואַקסען דער ,,דאַרוויניזם״ אין דער געשטאַלט פון זיינע צוויי וועלט־בעריהמטע ביכער: ,,די ענטשטעהונג פון די מינים״ און ,,די ענטשטעהונג פונ׳ם מענשען״.

ניט אומזיסט האָט דאַרווין אויף זיך געזאָגט, אַז אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפען פאַר דער וויסענשאַפט, האָט ער אויפ־געטאָן ,,מיט פיעל אַרבייט און גרויס געדולד״.

זיין גאַנץ־לאַנגעס לעבען — דאַרווין האָט געלעבט איבער 72 יאָהר — פון דער דאָזיגער עפּאָכע־מאַכענדער נסיעה ביז דעם טאָג פון זיין טויט, האָט ער פערבראַכט אין אַ רוהיגער, שטרענגער וויסענשאַפטליכער אַרבייט איבער זיינע, אין דעם משך פון דער פינף־יאָהריגער וועלט־רייזע, אָנגעקליבענע מאַ־טעריאַלען. ער האָט חתונה געהאַט אויף זיינער אַ שוועסטער־קינד, געקויפט זיך אַ מאַיאָנטעק און דאָרט ,,אויף דעם שויס פון דער נאַטור״ יאָהרען געלעבט, און יאָהרען געאַרבייט לטובה פון דער וויסענשאַפט, ניט קימערענדיג זיך מיט דער קאָכענדער און רוישענדער וועלט אויסער זיין מאַיאָנטעק, פערהאַלטענדיג זיך רוהיג ווי אַנ׳אמת׳ער געלעהרטער, צו אַלע זיינע שאַרפע

קריטיקער און פיינד, בעזונדערס פון די גייסטליכע, וועלכע האָבען אין זיין לעהרע געזעהן א מלאך־המות פאר דער רעליגיאָן בכלל. טאָג אין טאָג פלעגט דארווין אויפשטעהן פינף א זייגער אין דער פריה און נעהמען זיך פאר זיינע וויסענשאַפטליכע אונ־טערזוכונגען באמת טאקי מיט „גרויס געדולד". ער האָט גע־פיהרט א שטרענג־ווענעטעריאניש לעבען, ווייט געווען פון תאוות און וועלטליכע פערגעניגענס. גוט און גליקליך פלעגט ער זיך פיהלען נאָר דאַן, בעת איהם פלעגט זיך איינגעבען צו „ארבייטען געשמאַק". צו קיינע פראָפעסור־טיטולען האָט ער קיינמאָל ניט געשטרעבט, נאָך ווייניגער צו פערשיעדענע עהרען־טיטלען און מעדאליען, ווי אנדערע אָפיציעלע „געלעהרטע" און דאָך איז ער אויף דער עלטער ממש פערשאָטען געוואָרען פון „עהרען־דיפלאָמען" און „עהרען־ליסטען" פון פערשיעדענע אקאדעמיעס פון אלע פיער זייטען פון דער וועלט, הגם ער פלעגט זיך מיט זיי זעהר ווייניג אינטערעסירען און זאָגאר פער־לירען. אויף איהם איז באמת מקיום געוואָרען דאָס וואָרט: „ווער עס ענטלויפט פון כבוד, נאָך יענעם לויפט דער כבוד נאָך".

שטיל, רוהיג און עניוות'דיג, ווי ער האָט געלעבט—איז ער אויך געשטאָרבען.

אויף זיין מצבה זענען קיינע שבחים ניט אויסגעקריצט געוואָרען. אויף איהר שטעהט בלויז געשריבען אזא פשוט'ער „פה נקבר":

„טשארלז ראָבערט דארווין
געבאָרען דעם 12 פעברואר 1809
געשטאָרבען דעם 19 אפריל 1882".

II.

## די פאַלשע מיינונג װעגען דעם „דאַרװיניזם" און די ביבליש-ליניאישע טעאָריע.

— ס'קאָכט היינט מיט דארווינ'ען, — האָט מיר דאָ ניט לאנג געזאָגט אַ פארצייטיגער יוד, וואָס האלט זיך פאר א קענער אין „חכמת הפילוסופיא" און פאַר אַ גרויסען בריה אין דעם ענין פון „דע מה שתשיב לאפיקורוס" — עס איז, חלילה — זאָגט מען — נישטאָ קיין יוצר האדם; אדם הראשון איז כלומר'שט ניט פונ'ם בורא עולם אויפ'ן זעקסטען טאָג בעשאפען געוואָרען, ווי עס שטעהט געשריבען אין אונזער הייליגער תורה, נאָר גע-באָרען געוואָרען אמאָל פון אַנ'אָבעזיאַנע.

— נאָר זאָגט מיר, זייט מוחל, — איהר זייט דאָך אַ מענש מיט אַ קאָפּ, — איז דארווין דערביי געשטאַנען, בעת זיין אָבעז-יאַנע האָט געהאט דעם ערשטען מענשען?! אלא וואָס — מיר דארפען איהם גלויבען אויף נאמנות, היינט פארוואָס זאָלען מיר בעסער ניט גלויבען אונזער משה-רבינו?!

דערביי האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ בליק פון אַ בעל נצחון, ווי ער וואָלט זאָגען געוואָלט:

— אהא! ווער איז גערעכט?

און דער דאָזיגער יודישער „חקרן" איז צום בעדויערען ניט קיין איינציגער אין זיין אַרט. דער ווייט-גרעסטער טייל פון דעם עולם, וואָס האָט שוין יאָ וואָס געהערט אָדער געלעזען פון דארווינען און פון זיין טעאָריע, ווייס דערפון נישט מעהר איידער דער דאָזיגער „חקרן". די גאנצע תורה דארווינס (אזוי מיינט דער גרויסער עולם) בעשטעהט בלויז אין איין קורצען מאמר: „אַ מענש שטאמט פון אַנ'אָבעזיאַנע".

און יעדער, לויט זיין טעמפעראמענט, לויט זיין ערציהונג אָדער לויט זיין לאגע אין דער געזעלשאפט, פערהאלט זיך פער־שיעדען צו דער דאָזיגער מערקווירדיגער סברה. ווער עס „קריטיקירט" זי מיט שוים אויף די ליפען, איבערהויפט די גלחים און די רבנים, ווייל זי ריהרט אָן די יסודות פון דער אמונה, אויף וועלכע אויך זייער עקאָנאָמישע לאגע שטיצט זיך... ווער ס'איז גלאט בייז אויפ'ן דאָזיגען „דעמאָקראטישען" סדר־היחוס, וועלכער ס'מאכט אש און רויך פון זיין אלטפריינקישען באראָנען־טיטעל, אָדער פון זיין שטאמען פון רבנים; ווער ס'לאכט זיך גלאט אויס פון דער גאנצער מעשה, וועלכע ס'ווייזט איהם אויס אזוי משונה'דיג ווילד, דאָס ער האלט זי נידעריגער פאר יעדע קריטיק, און ווער עס מאכט עס אינגאנצען אוועק אונטער דער האנד: ס'מיין באָבעס דאגה, אבי איך אליין בין קיין אָבעז־יאנע ניט!"

בכלל אָבער וויים דער וייט־גרעסטער טייל פונ'ם גרויסען עולם פונ'ם גאנצען דארוויניזם נישט מעהר ווי דאָס, אז דער מענש איז אנ'אור־אור אייניקעל פון א וועלכער ס'איז אָבעזיאנע, הגם בעצם איז די דאָזיגע דארווינ'שע היפאָטעזע וועגען דעם אָבשטאמען פון דעם מענשען בלויז ווי א טראָפען אין א ים אין זיין גאנצער נאטור-פילאָזאָפיע.

דער דארוויניזם איז א גרויסע און א טיעפע נאטור־וויסענ־שאפטליכע פילאָזאָפישע סיסטעם, א גאנצע וועלט־אנשויאונג, וואָס נעהמט ארום דאָס גאנצע פראָבלעם פונ'ם לעבען אויף דער ערד, פון דער קלענסטער, קוים מערקבארער גרעזעלע איבער אלע פלאנצען און לעבעדיגע ברואים, ביז דער קרוין פון דער נאטור, „דעם בעסטען פון אלע בעשעפעניסען" — דעם מענשען.

פון וואנען האָבען זיך גענומען די אלע פערשיעדענע גראָזען,

בלומען, בוימער, שפייז־פלאַנצען א. ד. ג.? ווי אזוי זענען געקומען אויף דער וועלט די אלע ווערימער, פליגען, פויגלען, בהמות, חיות, עופות, פישען און אלע אנדערע לעבעדיגע ברואים ביז דעם מענשען מיטגערעכענט?

די דאָזיגע פראַגע האָט ניכר אינטערעסירט דעם מענשען נאָך אין די אוראַלטע צייטען, באַלד ווי ער האָט זיך אָנגעהויבען אָבצוגעבען דין וחשבון פון דעם, וואָס עס קומט פאָר ארום איהם.

די ביבעל, איינער פון די עלטעסטע ביכער, וועלכע די מענשהייט קען, גיט אויף דער דאָזיגער וועלט־שאלה אַ קלאָרע תשובה.

יעדער מין *) גראַז איז ספּעציעל אַלס אַזעלכער בעשאַפען געוואָרען („כל עשב למינהו״) פון יעדען מין לעבעדיגע ברואים איז פון אָנהויב אָן בעשאַפען געוואָרען אַ מאַן מיט אַ ווייב („זכר ונקבה ברא אותם״), וועלכע האָבען זיך געמעהרט און געפרוכפּערט און אָנגעפילט די גאַנצע ערד.

לויט דער דאָזיגער ביבלישער וועלט־אַנשויאונג, ווי זי איז בעשריבען אין חומש אין דער פרשה בראשית, שטאַמט דער מין מענשען פון אדם־הראשון מיט חוה'ן; דער מין בהמות — פון דעם ערשטען אָקס מיט דער ערשטער בהמה; דער מין ציגען — פונ'ם ערשטען באָק מיט דער ערשטער ציג; דער מין היהנער — פונ'ם ערשטען האָהן מיט דער ערשטער הוהן א. אז. וו. מיט אַנדערע ווערטער: פון יעדען מין בעזונדער איז

*) דאָס וואָרט מין בעדייט אין דער ביאָלאָגיע אַ גרופּע פלאַנצען אָדער לעבעדיגע ברואים, וועלכע זענען מעהר אָדער ווייניגער ענליך איינע צו די אַנדערע, למשל דער מין „בהמות״, „היהנער״ א. ז. וו.

צו ערשט אין די ששת ימי בראשית, פון דאָס ניי בעשאַפען געוואָרען אַ פּאָר-פּאָלק, אַ זכר מיט אַ נקבה, וועלכע זענען געווען די ערשטע און די איינציגע עלטערען פון זייער גאַנצען מין.

דאָס זעלבע איז אויך בנוגע צו דער פלאַנצען-וועלט. יעדער מין פלאַנצען האָט זיך זיינע עלטערען, וועלכע זענען מתחילה אַזונע בעשאַפען געוואָרען. די דאָזיגע ביבלישע אנשויאונג וועגען דער ענטשטעהונג פון די מינים פלאַנצען און לעבעדיגע ברואים איז ביז דאַרווינען — גענויער ביז לאַמאַרק'ן — אויך אָנגענומען געוואָרען פון דער נאַטור-וויסענשאַפט. ליניי — אַ נאַטורפאָרשער, וואָס האָט געלעבט פון 1707 ביז 1778 יאָהר — שרייבט וועגען דער דאָזיגער פראַגע פאָלגענדעס: „מינים זענען דאָ אויף דער וועלט אַזוי פיעל, וויפיעל ס'האָט זיי צוערשט בעשאַפען די אונענדליכע קראַפט (גאָט)" און אין אַ צווייטען אָרט: „נאָך דער אַמאָליגער שאַפונגס-צייט זענען קיינע נייע מינים מעהר ניט בעשאַפען געוואָרען און ווערען ניט בעשאַפען".

די דאָזיגע ליניי'אישע טעאָריע — וועלכע איז אייגענטליך אַ געגויע קאָפּיע פון דער ביבלישער — הייסט אין דער וויסענשאַפט: „די טעאָריע פון דער שטענדיגקייט פון די מינים", ד. ה., אַז די מינים בלייבען שטענדיג די זעלביגע, אַזוי ווי זיי זענען געווען פון ששת ימי בראשית אָן. והא ראיה: מיט קיינע קינסטליכע מיטלען קען מען דעם מין ניט אומענדערען. פּרובט מען, למשל, צונויפפּאָרען אַ פערד אַ זכר מיט אַנ'אייזעל אַ נקבה, ווערט, אמת, פון זיי געבאָרען אַ נייער מין, וואָס איז ניט קיין פערד און ניט קיין אייזעל, אַ מויל-אייזעל. אָבער דער דאָזיגער קינסטליך געשאַפענער נייער מין איז פרוכטלאָז און קען נאָך זיך קיין דור ניט לאָזען, אַלזאָ, קען דעם מין פון זיינע עלטערען ניט אומענדערען. דאָס זעלבע איז אויך מיט די קינדער, וואָס

ווערען געבארען פון „געמישטע חתונות" צווישען וועלף מיט הינד, הינד מיט פיקס א. א. א צווייטע ראיה, (וועלכע פיעלע געגנער פונ'ם דארוויניזם בענוצען נאך עד היום און וועגען וועלכע מיר וועלען נאך שפעטער ריידען נאכאמאל) איז די: אויב די מינים וואלטען זיך מיט דער צייט אומגעענדערט, טא פאר וואס האט מען עס ניט בעמערקט אין א משך פון טויזענ־דער יאהרען, זינט די מענשהייט איז שוין גוט בעקאנט מיט פיעלע מינים און מיט דער אלטער בעשרייבונג פון זיי.

דעם ערשטען שרעקליכען קלאפ האט דער דאזיגער טעאריע געגעבען די בעקאנטשאפט, וואס די וויסענשאפט האט געמאכט מיט די אויסגעגראבענע ברואים פון אונטער דער ערד (די דאזיגע וויסענשאפט הייסט: פאלעאנטאלאגיע.) צווישען די דאזיגע אויסגעגראבענע ברואים האט מען געפונען אזוינע מינים, פון וועלכע אויף דער ערד איז אפילו קיין זכר נישטא, און וואס מעהר מען איז בעקאנט געווארען מיט די דאזיגע אונטער־ערדישע פערשטיינערטע בעשעפעניסען, וואס האבען געלעבט אויף דער ערד אפשר מיט פיעלע מיליאנען יאהרען צוריק, אלץ מעהר האט מען אנגעהויבען צו קווייגקלען אין דער ריכטיגקייט פון דער ביבליש־ליניי'אישער טעאריע פון דער שטענדיגקייט פון די מינים. ווארום מ'האט זיך איבער־צייגט, אז די ערד האט דורכגעמאכט פערשידענע עפאכען (געאלאגישע עפאכען) און אין יעדער עפאכע האבען זיך געפונען אנדערע מינים ברואים אין פלאנצען.

אמת, די אנהענגער פון דער ביבליש־ליניי'אישע טעאריע האבען זיך געפרובט ערקלערען די דאזיגע רעטענים מיט דער אזוי גערופענער „קאטאסטראפען־טעאריע". אויף דער וועלט —האבען זיי ערקלערט— איז געווען ניט נור איין מבול, וואס האט חרוב געמאכט אלץ מיט אנ'אנדער, נאר פיעלע אזוינע

קאטאסטראָפען: ערד-ציטערניסען, ים־ציטערניסען, פערפלייצעניסען א. ד. ג. נאָך יעדער קאטאסטראָפע, וואָס האָט חרוב געמאכט אלע פלאנצען און ברואים, זענען ווידער פון דאָס ניי בעשאפען געוואָרען אנדערע מינים פלאנצען און ברואים. די אויסגעגראָבענע פערשטיינערטע פלאנצען און ברואים זענען אומגעקומען אין דער אָדער יענער קאטאסטראָפע. די דאָזיגע טעאָריע האָט פערטרעטען דער בערימטער געאָלאָג קיוויע, וועלכער האָט בפירוש געזאָגט, אז נאָך יעדער קאטאסטראָפע איז געווען אנייע שאפונג, אנייע מעשה־בראשית*)—

די דאָזיגע „קאטאסטראָפען־טעאָריע" לעגט זיך אָבער אפילו אויפ'ן שכל־הישר ניט, אויך אָהן וויסענשאפטליכע געגען־סברות. אויך די ביבעל, בעת זי דערצעהלט אונז פון דעם מבול (וועלכער האָט אויסגעמעקט פון דער וועלט יעדע לעבעדיגע זאך), אויך די ביבעל רייסט ניט איבער דעם פאָדים פון לעבען, אום נאָכ'ן מבול פונ'ס ניי אָנצוהויבען אשאפונגס־פראָצעס, א נייע מעשה־בראשית. זי דערצעהלט אונז פון נח'ן, וועלכער האָט זיך בייצייטענס בעזאָרגט מיט א קאסטען—„תיבת נח"—אין וועלכען ער האָט אריינגענומען פון יעדען מין א זכר מיט א נקבה, כדי זיי זאָלען אינגאנצען ניט אומקומען פון דער וועלט.

אין די דאָזיגע וויים-גלויביגע „קאטאסטראָפען-טעאָריע, וועלכע האָט א צייט געשטיצט די אלטע מיינונג פון דער שטענדיגקייט פון די מינים, איז באלד אליין אוועק פון דער וועלט, ניט לאָזענדיג קיינע אָנהענגער. איהר אמת'ער „מלאך-המות" איז געווען טשארלז דארווין, וועלכער איז ארויסגעטראָטען איבערהויפט נעגען די ביבליש-לינייאישע טעאָריע. אגב אָבער

*) אויך אין דער גמרא געפינט זיך אזא מיינונג, אז גאָט האָט בעשאפען וועלטען און זיי חרוב געמאכט (בונה עולמות ומחריבם).

האָט ער אויך דער „קאַטאַסטראָפען-טעאָריע״ פון קיוויע דערלאַנגט דעם שטאַרקסטען און לעצטען טויט-קלאַפּ, נאָך וועלכען זי האָט שוין יעדע האָפנונג פערלאָרען, אום אַמאָל צו **תחית המתים** אויפצושטעהן.

### III.

## די ענטוויקלונגס-אָדער עוואלוציאָנס טעאָריע.

דער קערן פון דער דאַרוויניסטישער טעאָריע בעשטעהט דערין, אַז אַלע פערשידענע מינים פלאַנצען און לעבעדיגע ברואים זענען ניט אַלס אַזעלכע יעדער בעזונדער צוערשט בע-שאַפען געוואָרען, נור זיי האָבען זיך אין אַ משך פון פילע, פילע דורות ענטוויקעלט איינע פון די אַנדערע, אַ העכערער מין פון אַ נידעריגערען. אַזוי אַז מתחילה זענען געווען בלויז איניגע נידעריגע מינים — אָדער זאָגאַר איין איינציגער אַ נידעריגער מין — פון וועלכע (אָדער פון וועלכען) עס האָבען זיך אין אַ משך פון מיליאָנען יאָהרען ענטוויקעלט אַל די פילע פערשידענע מינים, וואָס מיר זעהען איצט אויף דער ערד. די דאָזיגע טעאָריע רופט זיך אין דער וויסענשאַפט „טראַנספאָרמיזם״, אָדער די עוואָלוציאָנס-טעאָריע בנוגע צו די אָרגאַנישע פאָרמען. אין עצם גענומען איז די דאָזיגע טעאָריע אַלט כמעט אַזוי פיל, ווי די וויסענשאַפט אַליין. און איינער פון די ערשטע גריכישע פילאָ-זאָפען — עמפּעדאָקל — האָט קלאָר און שאַרף אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז „אַלע לעבעדיגע בעשעפעניסען האָבען זיך ענטוויי-קעלט איינע פון די אַנדערע אויפ׳ן נאַטירליכען אופן, אָהן דער הילף פון אַ שעפער (גאָט). לעבען זענען געבליבען די פון זיי, וועלכע האָבען געהאַט אַ בעסערען און צוועקמעסיגערען אָר-גאַניזם״.

בנוגע צו פלאַנצען האָט דעם זעלביגען גערדאַנק אויך אַרויסגעזאָגט דער בעקאַנטער דייטשער פּאָעט געטע. אָבער, ווי עמפּעדאָקל אַמאָל, אַזוי אויך געטע און נאָך פּיעלע אַנדערע אין דער נייער צייט, האָבען בלויז אַזוי צו זאָגען „געפיהלט״ די טעאָריע פון דער ענטוויקלונג, אָבער בעווייזען זי וויסענשאַפט־ליך זענען זיי ניט געווען אימשטאַנד.

ערשט דאַרווין האָט בעוויזען מיט וויסענשאַפטליכע ראיות ניט בלויז די ריכטיגקייט פון דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע, נאָר אויך די וועגען און מיטלען, וועלכע די נאַטור געברויכט אום אַרויסצובעקומען איין מין פון דעם צווייטען און אָט אין דעם אייגענטליך בעשטעהט דער עיקר פונ׳ם דאַר־וויניזם.

נאַטירליך, בעווייזען פּראַקטיש, ווי אַזוי איין פאָרם אָדער איין מין איז אַריבערגעגאַנגען אין צווייטען, איז אַ זאַך, וואָס איז אונמעגליך. אין דערינען איז דער יוד, דער „חקרן״ גערעכט, אַז „דאַרווין איז דערביי ניט געשטאַנען״. און טאַקי דערין, וואָס קיינער איז דערביי ניט געווען און קען אויך ניט זיין, ווייל לויט דער טעאָריע, פאָדערט זיך דערצו אַ מורא׳דיג לאַנגע צייט, טאַקי דערין איז בעשטאַנען די גאַנצע שווערקייט די דאָזיגע טעאָריע וויסענשאַפטליך צו בעגרינדען. און דאָס איז דאַרווינ׳ס גרויסע פערדינסט לגבי אַלע אַנדערע עוואָלוציאָניסטען ביז איהם, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען נאָך אַ פערציג־יאָהרי־גער אַרבייט די דאָזיגע טעאָריע וויסענשאַפטליך צו בעגרינדען.

בעווייזען אָבער אַזאַ זאַך, וועלכע עס געשיהט אין אַ משך פון מיליאָנען יאָהרען, וועלכע איז געשעהען צום גרעסטען טייל נאָך פריער אײדער דער מין מענש אַליין איז אויף דער וועלט געווען, איז מעגליך, פערשטעהט זיך, בלויז מיט קאָפּ־סברות, מיט לאָגישע ראיות אויפ׳ן גרונד פון פּיעלע

ערשיינונגען אין דער אָרגאַנישער וועלט, וועלכע לאָזען זיך אויף קיין אויפן ניט ערקלערען אויסער מיט דער עוואלוציאָנס־טעאָריע.

אום די דאָזיגע טעאָריע צו ערקלערען האָט דאַרווין צוויי דיקע, זעהר דיקע ביכער אָנגעשריבען און די דאַרוויניסטען נאָך איהם האָבען גאַנצע ביבליאָטעקען אָנגעפילט מיט זייערע חיבורים וועגען דעם. מיר דאָ, קענען בלויז געבען דעם תמצית פון די בעווייזען אין זעהר קורצע שטריכען.

מיר וועלען זיי איינטיילען אין פאָלגענדע גרופען:

1) פּאַלעאָנטאָלאָגישע בעווייזען. די אויסגעגראָבענע פערשטיינערטע ברואים און פלאַנצען פון אונטער דער ערד שטעלען פאָר צוזאַמען אַ גאַנצע לייטער פון פערשידענע מינים פון די סאַמע נידעריגסטע מינים ביז די ערשטע מילך־זויגער.

די ביז איצט געפונענע אויסגעגראָבענע מינים ברואים ליגען אין פערשידענע פלאַסטען פון דער ערד: וואָס עלטער דער ערד־פלאַסט איז אַלץ נידעריגער איז דער מין ברואים, וואָס אין איהם געפינט זיך. ערשט אין די סאַמע יונגסטע ערד־פלאַסטען געפינען זיך די סאַמע עלטסטע מילך־זויגער. די יונגערע מינים מילך־זויגער געפינט מען אין דער ערד לעת עתה גאָר ניט. ערשט דער מענש אָדער אויבער־מענש, וואָס וועט לעבען אויף דער ערד אין פיעלע מיליאָנען יאָהרען ארום, וועט וואַהרשיינליך אויסגראָבען פון אונטער דער ערד אונזער'ן אַ היינטיגען מענשען און וועט אויף איהם אפשר קוקען, אזוי ווי מיר היינט אויף אַנ'אויסגעגראָבענעם מאַמאָנט, אורטיאַזאַוור (אַזוינע אויסגעגראָבענע אור־אַלטע ברואים) א. ד. ג.

שטעלט מען צוזאַמען די אויסגעגראָבענע מינים, לויט זייער עלטער נאָך (וואָס לאָזט זיך גרינג מאַכען נאָך די געאָלאָגישע ערד־שיכטען נאָך), בעקומט מען אַנ'אויסגעצייכענט־קלאָרען

בילד פון אַ רייהע דורות איינע נאָך די אַנדערע, וועלכע ערקלערט זיך גרינג און גוט נאָך דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע, וועלכע איז אָבער ניט צו פערשטעהן, אויב מ׳זאָל אָננעהמען לויט דער ביבליש־ליניי׳אישע טעאָריע, אַז די מינים בלייבען שטענדיג, אַזוי ווי זיי זענען אַמאָל בעשאַפען געוואָרען.

2) מאָרפאָלאָגישע בעווייזען, ד. ה. בעווייזען פון דעם קערפער־בוי פון די אָרגאַניזמען גופא, פון דעם געשטאַלט און דער פאָרם פון די אברים, ווי פון די אינוועניגסטע אַזוי אויך אויסווענינסטע.

די קערפער פון מורא׳דיג גרויסע גרופּעס פלאַנצען און לעבעדיגע בעשעפעניסען זענען געבויט בכלל לויט איין פּלאַן און איין סדר, למשל אַלע ברואים, וואָס האָבען אַ חוט־השדרה, צו וועלכע ס׳געהערען כל׳ערליי מינים פון דעם קלענסטען פישעלע ביז דעם גרעסטען העלפאַנט. דאָס בעווייזט, אַז זיי שטאַמען אַלע פון איין גזע, פון איין עלטער־עלטער זיידען, וועלכער האָט, איבער דער אָדער יענער אורזאַכע, אַמאָל אַ חוט־השדרה אָנגע־לעבט — פערשטעהט זיך ניט אין איין אויגענבליק — און איבער־געלאָזען זי בירושה זיינע קומענדיגע דורות, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט און פערצווייגט אין פיעלע פערשידענע מינים.

לגמרי פערשידענע אברים, וואָס דינען צו גאַנץ פער־שידענע צוועקען ביי דורכאויס פערשידענע מינים, למשל די פליגלען ביי די פויגלען, די פאָרענסטע פיס ביי די פיער־פיסיגע, די פלוס־פעדערען ביים קיט, און די הענד ביי אַ מענשען די דאָזיגע אַלע גאַנץ פערשידענע אָרגאַנען זענען געבויט לויט איין פּלאַן און ענטוויקלען זיך אַלע אויף איין אופן, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי זענען בעשטימט צו פערשידענע פונקציעס. דאָס בעווייזט ווידער, אַז אַל די דאָזיגע אברים זענען אַמאָל געווען פונקט גלייך און צו איין צוועק בעשטימט, ד. ה. זיי

האָבען געהערט איין מין, פון וועלכען ס׳האָבען זיך דערנאָך אלע אנדערע ענטוויקעלט! (וואהרשיינליך שטאמען זיי אלע פון די פלוס־פעדערען ביי די פיש, וועלכע זענען, ווי ס׳ווייזט אויס, געווען אונזערע אלעמענס עלטער־עלטער זיידעס און באָבעס).

ביי פיעלע לעבעדיגע ברואים געפינען זיך אזוינע אברים, וועלכע נוצען איהם צו קיין זאך ניט און זענען דעריבער אזוי ווי געלעהמטע, אָבגעשטאָרבענע, (רודימענטארע), למשל די בריסט ביי די מאנסביל, די אויערען־שאל און די עק־ביינער אויפ׳ן סוף פון דער חוט־השדרה ביי די מענשען, א זכר פון פיס ביים קיט א. נ. פיעלע, פיעלע אנדערע אזוינע ביישפילען פון אזוינע אוננוצליכע רודימענטארע אברים ביי חיות, עופות און פלאנצען, וואָס בעווייזען בעשיינפערליך, אז אמאָל האָבען די דאָזיגע אברים אויסגעפיהרט אגעוויסע פונקציע—למשל דער מענש האָט אמאָל געהאט אנ׳עק, געקענט אומפיהרען מיט דער שאָל פון זיינע אויערען, אזוי ווי איצט א הונד, א פערד *) א. ד. ג. אָדער דער קיט האָט אמאָל פיס געהאט. מיט אנדערע ווערטער, די דאָזיגע רודימענטארע אברים, אָדער רודימענטטען לאָזען זיך ערקלערען בלויז מיט דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע, וועלכע נעהמט אָן, אז אלע איצטיגע מינים שטאמען פון איין גזע, אנדערס איז די דאָזיגע מערקווירדיגע ערשיינונג ניט צו ערקלערען.

---

*) יעדער אבר, וועלכען מ׳בענוצט ניט אין אַ משך פון יאָהרען ווערט אָבגעשוואַכט און קען אויך אינגאַנצען אָבשטאַרבען. אָט אַזוי למשל זענען די אויגען ביי די חיות, וואָס לעבען אין פינסטערע לעכער זעהר שוואַך. ניט לאַנג האָט מען געפונען אין אַ הייל אונטער דער ערד אַנ־אַזערע, אין וועלכער ס׳לעבען בלינדע פיש.

אין דער צייט, ווען דאָס לעבעדיגע בעשעפענים ענטוויי־
קעלט זיך ביי דער מוטער אין בויך, (דאָס עמבריאָן) איבערהויפט
אין דער ערשטער צייט זענען כמעט אַלע ברואים — דער מענש
אויך אין כלל — זעהר עהנליך איינע צו די אַנדערע. זייער קער־
פער-בוי איז זעהר איינפאַך, בכלל גלייך צו די נידעריגע ברואים.
דאָס בעווייזט ווידער טאַקי זייער אַלגעמיינע אָבשטאַמונג פון
איין מקור.

3) זאָאָגעאָגראַפישע בעווייזען ד. ה. די בעוויי־
זען אויפ׳ן גרונד פון דער אומענדערונג, וואָס קומט פאָר אין
דעם מין, ווען ס׳בייטען זיך זיינע לעבענס-בעדינגונגען: דער
קלימאַט, די שפייז א. ד. ג, די דאָזיגע אַזויגערופענע זאָאָגע־
אָגראַפישע און אויך פיטאָ־געאָגראַפישע בעווייזען, זענען די
שטאַרקסטע און גרינדליכסטע אין דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע
פון דאַרווין.

ווייסען דאָך אַלע, אַז אויף די זאָגענאַנטע פערד־זאַוואָדען
ווערען דורך צונויפפּאָרונג פון געוויסע סאָרטען פערד סוף כל
סוף ערצויגען אַזוינע פערד, וועלכע דער זאַוואָד וויל האָבען,
למשל גוטע רייט-פערד, גוטע משא־פערד. דערצו ווערען אויס־
געקליבען אַזוינע פערד־זכרים און פערד־נקבות, וואָס האָבען
צום טייל די מעלות, וועלכע דער מענש וויל האָבען. און זייערע
קינדער פערשטאַרקט זיך נאָכמעהר די געווינשטע אייגענשאַפט,
אין די קינדס־קינדער נאָכמעהר ביז מ׳דערגרייכט צו אַזאַ דור,
וועלכע האָט די אַלע מעלות, וואָס דער מענש האָט געוואָלט
זעהען אויף זיינע פערד. דאָס זעלבע דערגרייכט מען אויך ביי
הינד, בעזונדערס ביי די יאַגד־הינד. מ׳בעקומט מיט דער צייט
אַזאַ סאָרט הונד, וועלכע אונטערשיידט זיך גאָר אינגאַנצען
פון זיינע עלטערען און אור-עלטערען. דאָס זעלבע איז אויך מיט
פלאַנצען. יעדער געניטער גערטנער קען קינסטליך ערציהען

פערשידענע מינים פלאַנצען און בלומען, וועלכע אונטערשיידען זיך זעהר שטאַרק פון זייער מין. אָבער ניט בלויז מענשען קענען מעהר אָדער ווייניגער אומענדערען די נאַטור פון געוויסע מינים. אין אַ סך אַ גרעסערען מאַסשטאַב מאַכט דאָס די נאַטור אַליין. עס איז בעקאַנט, אַז פליאַנדערקעס ענדערען זייער הויט-פאַרב ווען מען פיהרט זיי אַריבער פון איין סאָרט וואַסער אין אַ צווייטען, למשל פון אַ ים, וועלכער ס׳האָט אין זיך ווייניגער זאַלץ אין אַ ים, וואָס זיין וואַסער איז רייכער מיט זאַלץ. ס׳איז בעקאַנט, אַז כמעט אַלע חיות, וואָס לעבען אינ׳ם קאַלטען צפון, וואו עס ליעגט שטענדיג דער העלער שנעע, זענען אַליין אויך „וויים ווי שנעע״. דער ווייסער בער, דער סיבירער צפון־בער איז געוויס אַלעמען בעקאַנט.

די ווערים, וואָס זענען גרין ווי די גראָז, צווישען וועלכע זיי לעבען, און נאָך פיעלע אַנדערע ברואים, וואָס האָבען די זעלביגע פעלץ־פעדערען אָדער הויט־פאַרב, ווי די סביבה, אין וועלכער זיי לעבען,— דאָס זענען אַלץ גוט־בעקאַנטע פאַקטען פון לעבען. און ס׳לאָזט זיך בשום אופן ניט גלויבען, אַז אַזוינע ספעציעל־געפאַרבטע מינים זענען מתחילה אין יעדען געגענד בעשאַפען געוואָרען. (ווי אַזוי זיי האָבען, לויט דאַרווינ׳ס טעאָריע, בעקומען די דאָזיגע „צוועקמעסיגע פאַרבען״ — ווענען דעם שפעטער).

עס זענען פאַראַן נאָך אַ גאַנצע רייהע ווייניגער וויכטיגע בעווייזען. אָבער אויך די קורץ בעשריבענע אויבענגעבראַכטע פאַקטען לאָזען זיך ניט גוט ערקלערען, לויט דער ביבליש-ליניי-אישער טעאָריע פון דער שטענדיגקייט פון די מינים און פער־קעהרט ערקלערען זיך אויסגעצייכענט גוט לויט דער עוואָלוצ־יאָנס-טעאָריע פון דאַרווין.

## IV.

## די מלחמה פאַר׳ן לעבען.

**ווי** מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, בעשטעהט **דער** **גאַנצער** אויפטו דאַרווינ׳ס ניט אין דער ע נ ט ד ע ק ו נ ג פון דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע (אַרויסגעזאָגט האָט מען דעם דאָזיגע געדאַנק נאָך מיט אַ צייט פריער פאַר דאַרווינ׳ען, ווי דער לעזער ווייס שוין), נור, ערשטענס אין דעם בעגרינדען פון איהר און צווייטענס — און דאָס איז דער עיקר — אין דעם ערקלערען די וועגען און די מיטלען, וועלכע די נאַטור האָט געברויכט אום צו ענטוויקלען די מינים איינע פון די אַנדערע, די העכערע פון די נידעריגערע, אין דעם, וואָס מ׳רופט אייגענטליך דאַרוויניזם. ניט אומזיסט האָט איינער אַ נאַטור־פאָרשער, באַלד ווי ס׳איז אַרויס דאַרווינ׳ס בערימטער בוך „די ענטשטעהונג פון די מינים", פאָלגענדעס געשריבען: „מיר האָבען דאָך אויך פאַר דאַרווינ׳ען געוואוסט פון דער ענטוויקלונגס־טעאָריע, פון דער עוואָלוציע פון די מינים, און דאָך האָבען מיר געבלאָנדזשעט אין דער פינסטער, ניט געהאַט קיין פעסטען באָדען אונטער די פיס. ערשט דאַרווין מיט זיין „ענטשטעהונג פון די מינים" האָט אַ סנאָפּ ליכט אַרויפגעלאָזען אויף אונזער וועג. ערשט איצט האָבען מיר דעם שליסעל פון דער ביז איצט פערשלאָסענער טיר".

און דער „סנאָפּ־ליכט" אָדער דער „שליסעל פון דער פערשלאָסענער טיר" בעשטעהט אין די וועגען און מיטלען, אָדער אין די אייזערנע נאַטור-געזעצען, וואָס דאַרווין האָט

אַרויסגעפונען, אין וועלכע האָבען אונבעדינגט געמוזט פיהרען די מינים פון איין פאָרם צו אַ צווייטער, פון אַ נידעריגערער שטופע צו אַ העכערער.

דאָס ערשטע הויפּט-געזעץ, וואָס דאַרווין האָט ענטדעקט אין דער נאַטור, איז „די מלחמה פאַר׳ן לעבען" אָדער די מלחמה פאַר דער עקזיסטענץ. יעדער לעבעדיגער אָרגאַניזם הן פון דער פלאַנצען-וועלט, הן פון די לעבעדיגע ברואים, מוז אונבעדינגט פיהרען אַנ׳אייביגען קאַמפּף אום לעבען צו קענען. ער מוז קודם כל קעמפּפען מיט די בלינדע, פאַר איהם שעדליכע נאַטור-ערשיינונגען, ווי מיט דער קעלט למשל אום ווינטער, מיט די היצען אום זומער, מיט׳ן ווינד, מיט׳ן רעגען און שנעע א. ד. ג. ער מוז ווידער בושטעבליך קעמפּפען מיט זיינע לעבענס-פיינד: ווער מיט די רויב-פויגעל, ווער מיט די רויב-חיות און ווער מיט די קליינע פליגעלעך און אַנדערע בלוט-זויגער. ער מוז אויך פיהרען אַ הארטען און שווערען קאַמפּף אום זיך פשוט לעבענס-מיטלען, שפּייז צו בעקומען, אַנדערע ווידער מוזען ווירקליך אָבהאַלטען אַנ׳אמת׳ע מלחמה אויף לעבען און טויט אום פאַר זיך אַ ווייב צו בעקומען, כדי דעם דור צו ערהאַלטען.

דער דאָזיגער פיעל-זייטיגער קאַמפּף, וועלכען דאַרווין האָט קורץ אָנגערופען „די מלחמה פאַר׳ן לעבען", דאָס אכזריות׳דיגע, בלוטיגע אָבער אייזען-פעסטע געזעץ, וואָס בויט דאָס לעבען און גליק פון יחידים אויף הרוגים און קברים פון פיעלע, פיעלע אַנדערע, געהט דורך דורך דער גאַנצער אָרגאַנישער וועלט ווי אַ רויטער פאָדים. אומעטום איז דאָס שלאַכט-פעלד פיעל מיט הרוגים, וואָס פאַלען אום טאָג איין טאָג אויס אין דער דאָזיגער אומברחמנות׳דיגער מלחמה פאַר׳ן לעבען, וועלכע ווערט געפיהרט נים בלויז צווישען צוויי פרעמדע מינים, נור

אויך צווישען שפראָצען פון איין גזע, קינדער פון איין פאָטער און מוטער.

אָט אזא איז דאָס בלינדע, ווי דער טויט שטארקע נאַטור־געזעץ פון דער מלחמה פאַר'ן לעבען! די הויפּט־אורזאכע פון דעם דאָזיגען ברודער־קריג איז דער פשוט'ער ביסען־ברויט, דער ביטערער דוחק אין שפּייז־מיטלען. נאָך מיט עטליכע צעהנדליג יאהר פאר דארווינ'ען האָט דער בעקאנטער פּאָליטיקער־עקאָנאָם מאלטוס ענטדעקט א געזעץ, לויט וועלכען ס'קומט אויס, אז די בעפעלקערונג וואקסט גיכער איידער די לעבענס־מיטלען. דארווין האָט דאָס דאָזיגע מאלטוס'שע געזעץ אָנגעווענדעט טיעפער און ברייטער און אויך, אזוי צו זאָגען, וויסענשאפטליכער. ער האָט אויפגעקלערט, אז אלע אָרגאניזמען האָבען פון דער נאטור אזא מורא'דיגען כח זיך צו מעהרען און צו פרוכפערען, דאָס אויף דער וועלט וואָלט בשום אופן ניט געסטייעט קיין עסען־זאכען, אויב אלע נייע זאָמען וואָלטען אויסגעוואקסען, אויב אלע עמבריאָנען (בעפרוכטעטע אייעלעך, פון וועלכע עס ענטוויקלען זיך מיט דער צייט לעבעדיגע בעשעפעניסען) וואָלטען געבאָרען געוואָרען און לעבען געבליבען. עס ווערען געבאָרען אויף דער וועלט ניט בערך מעהר עסער איידער די נאטור קען זיי געבען עסען־זאכען. דער פועל־יוצא דערפון איז, אז צווישען די אָרגאניזמען מוז אויסברעכען א שרעקליכער קאמפף, א בלוטיגע מלחמה פאר'ן ביסען ברויט. און ווער עס איז צוגעגרייט צו דער דאָזיגער מלחמה פאר'ן לעבען, ווער ס'איז שטארקער, קליגער און בעסער בעוואפענט, דער געהט ארויס אלס א בעל־נצחון פון איהר, דער בעקומט די שפּייז פאר זיך, האָט די מעגליכקייט אליין צו לעבען און אלאנג-לעבעדיגען א געזונדען דור נאָך זיך צו לאזען. דער שוואכערער, דער ערגער־בעוואפענטער, דער פאלט טויט אויפ'ן שלאכט־פעלד, רייניגט אָב דעם פלאץ

פאר אנדערע, ניט לאָזענדיג זאָגאר קיין זכר נאָך זיך, אזוי אז דער שוואכערער מין ווערט פערשניטען אויף אייביג פון דער ערד.

ווי גרויס עס איז די צאָהל פון די לעבעדיגע ברואים און פלאנצען, וואָס ווערען געבאָרען אָדער וואָלטען ביי גינסטיגע בעדינגונגען קענען געבאָרען ווערען, בעווייזען אונז פאָלגענדע ביישפילען. פראנקלין שרייבט, אז אויב דער גאנצער כדור הארץ, וואָלט אין א שענעם פריה מאָרגען פערלאָרען אלע זיינע פלאנ־צען, און ס'וואָלט איבערגעבליבען ערגעץ וואו בלויז איין מין גראָז, גאנץ גלייך וועלכער, למשל קראָפּעווע, וואָלט די דאָזיגע קראָפּעווע אין א משך פון יאָהרען בעדעקט די גאנצע ערד-קוגעל מיט א גרינעם קראָפּעווע-דעקטוך. אויב אלע מענשען וואָלטען פון א וועלכער ס'איז מגפה, אָדער ערד־ציטערנים אומגעקומען און ס'וואָלט געבליבען בלויז איין משפחה, וואָלט די דאָזיגע משפחה -- אין א משך נאטירליך פון טויזענדער יאָהרען -- ווידער די ערד אָרום און אָרום מיט מענשען אָנגעפילט. ליניי האָט דעם דאָזיגען געדאנק אויסגעדריקט אין ריכטיגע מאטעמאטישע ציפערען. „אויב -- שרייבט ער -- די פלאנצען, וואָס לעבען נור איין זומער, וואָלטען געגעבען סך הכל צו צוויי זאָמען (סיעמענעס) יעדערע -- אין דער אמת'ען גיבען זיי א סך מעהר -- און פון די דאָזיגע זאָמען וואָלטען ארויסגעשפּראָצט ווידער אזוינע פלאנ־צען, וואָס וואָלטען געלאָזען בלויז צו צוויי זאָמען, אויך דאמאָלסט וואָלט פון איין אור־פלאנצע אין א משך פון צוואנציג יאָהרען ארויסגעוואקסען א גאנצער מיליאָן אזוינע פלאנצען! אואָלעס ברענגט אין זיין בוך פאָלגענדען פאל: בשעת קאָלומבוס האָט ענטדעקט אמעריקא, זענען דאָרט קיין אָרטיגע -- אמעריקאנישע -- פערד ניט געווען בנמצא, און בעת ער האָט געמאכט אין זיין ניי־ענטדעקטעס לאנד זיין צווייטע נסיעה, האָט ער אהין געב־ראכט עטליכע פערד (זכרים און נקבות) און געלאָזען זיי פריי

פיטערען זיך אויף אַ גרויסערווילדער אינזעל, די פערד זענען דאָרט פערווילדעוועט געוואָרען און אין פרייען ווילדען צושטאַנד אַזוי שטאַרק זיך פערמעהרט, דאָס אין אַ משך פון 25 יאָהר האָט מען אויף דעם אינזעל געפונען פיעלע, פיעלע טשערעדעס ווילדע פערד פון 4 ביז 8 טויזענד קעפּ אין יעדערער. פון דער דאָזיגער אינזעל האָט מען אויך אַריבערגעפיהרט פערד קיין מעקסיקא און אין אַ משך פון נאָך אַהאַלבע מאה יאָהרען האָבען די שפּאַניער, וועלכע האָבען דאָס לאַנד איינגענומען, אַרויס־געפיהרט אין איין יאָהר ביז 70 טויזענד פערדען־פעל פון מעק־סיקא און ביז 40 טויזענד פון דער דערמאָנטער אינזעל.

די קראָליקעס, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון אייראָפּא קיין אויסטראַליען, האָבען זיך אויף אַזוי פיעל פערמעהרט אין בערך אַ קורצער צייט, דאָס זיי זענען געוואָרען אַנ׳אמת׳ע אָנשיקעניס: זיי פלעגען צו׳פטר׳ן אַלע פעלדער און מ׳האָט געמוזט אָנפיהרען געגען זיי אַ גאַנצע מלחמה. אַ ביישפּיעל פון אונגעהויער גרויסער פרוכטבאַרקייט, וועלכע אַ געוויסער מין קען געבען ביי געוויסע גינסטיגע בעדינגונגען, איז דער היישעריק, וועלכער פערמעהרט זיך אַנ׳אַנדערס מאָל אין איין זומער אַזוי שטאַרק, דאָס ער בעדעקט בפועל „דעם שיין פון דער וועלט״. אויך דער מענשען־מין, דאָס דאָזיגע „צוויי־פיסיגע מילך־זויגע־טיער״ — ווי ער וואָלט אייגענטליך געדאַרפט הייסען לויט דער וויסענשאַפטליכער טערמינאָלאָגיע — פרוכפערט זיך און מעהרט זיך ניט בערך אין אַ גרעסערער צאָהל איידער די ערד איז אימשטאַנד צו געבען פאַר איהם איהר פרוכט *). און אויב די מענשהייט וואָלט

*) לויט מאַלטוס׳עס רעכנונג, וואַקסט די בעפעלקערונג אין אַ „געאָמעטרישער פּראָפּאָרציע״ (ד. ה. אין כפל׳דיגע צאָהלען: פון 1 ווערט 2, פון 2 — 4, פון 4 — 8, פון 8 — 16 א. ז. וו. א. ז. וו. יעדע נייע צאָהל מוז מען אַלץ כפל׳ענמיט דער צאָהל 2) און די לעבענסמיטלען, די שפּייזען פערמעהרען זיך בלויז אין אַנ „אַריפמעטישער פּראָפּאָרציע״, פון 1 ווערט 2, פון 2 — 3, פון 3 — 4, א. ז. וו. צו יעדער נייער צאָהל מוז מען בלויז מוסיף זיין נאָך איינס.

נעקאָנט בעהאַלטען אַלס לאַנג־לעבעדיגע דורות אַלע עמבריאָנען און זיי וואָלטען ווידער געלאָזען נאָך זיך לאַנג־לעבעדיגע דורות, וואָלט שוין לאַנג אויף דער ערד ניט בלויז קיין שפּייז ניט געווען, נאָר אויך קיין פרייער פּלאַץ וואָלט נישט געווען: אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ — בוכשטעבליך — וואָלט מען אויף דער אויבערפלעכע פון דער ערד געשטאַנען. אַפילו קוויטסקי — אַ סאָציאַלער אָפּ־טימיסט — זאָגט, אַז „אויב די נאַטור וואָלט זיך ניט בעוואָרענט מיט איהר אויסראָטען דעם ווייט גרעסטען טייל פון די געבאָ־רענע, וואָלטען מיר שוין לאַנג אַלע פון הונגער אויסגעשטאָרבען״.

עס איז קלאָר, אַז ביי אַזוינע אונגינסטיגע בעדינגונגען, ווען איינער איז געצוואונגען ביי דעם צווייטען בפועל ממש דעם ביסען פון מויל אַרויסצורייסען — הן אין דער פלאַנצען־וועלט, הן אין דער וועלט פון די לעבעדיגע ברואים — אַז ביי אַזוינע בעדינגונגען מוז פאָרקומען אַ מלחמה אויף לעבען און טויט, ווי צווישען פערשידענע מינים, אַזוי אויך צווישען די מיטגלידער פון איין מין גופא.

אַלע ווייסען, אַז אַ גאָרטען מוז מען יעטען, אַז ניט ווערען די אונערקעס, די בוריקעס, די קרויט און די אַנדערע זריעות פערוואקסען מיט „ווילדע גראָז, וועלכע לאָזען די געזייטע פלאַנצען ניט ענטוויקלען זיך. וואָס קומט דאָ פאָר אַזוינס? דאָ קומט פאָר די „מלחמה פאַר׳ן לעבען״ צווישען די „ווילדע״ גראָזען, וועלכע זענען בעסער צוגעפּאַסט צו דער סביבה, ד. ה. בעסער בעוואפענט אין דער מלחמה איידער די געזייטע, די ערשטע שטופּען אַרויס די לעצטע, די שוואַכערע מיוחסים. און וואָלט זיך דער מענש מיט זיין שטאַרקער האַנד ניט אַריינגעמישט אינ׳ם דאָזיגען קריעג און מיט געוואַלד ניט אַרויסגעריסען די „ווילדע״, בעסער צוגעפּאַסטע פלאַנצען, וואָלטען די לעצטע אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען אינגאַנצען בייגעקומען די פרעמדע,

קינסטליך־פערזייטע. דאָס זעלבע קומט אויך פאָר אין דער חיות-וועלט. נאָך סך-הכל מיט הונדערט יאָהר צוריק איז אין אייראָפּע דער מין ניט געווען פון גרויע מייז — דאָ האָט זיך רוהיג געלעבט און געמעהרט אַ מין שווארצע מייז. זינט מ׳האָט אָבער אָנגעהויבען צו פאָהרען איבער די ימים, האָט מען אויף די שיפען פערפיהרט צו אונז מעבר לים די גרויע־מייז. די לעצטע זענען אָבער בעסער צוגעפּאסט צו די בעדינגונגען פון דעם מייז־לעבען און זיי האָבען די שווארצע מייז כמעט אינגאנצען פער־טריבען פון אייראָפּא.

נאָך אזא ארט מלחמה פאר׳ן לעבען קומט אויך פאָר, אזוי צו זאָגען, ביי אונז פאר די אויגען צווישען די צוויי מינים טאראקאנעס: די שווארצע און די רויטע (די „פּרייסען״). די לעצטע זענען בעסער צוגעפּאסט צו די לעבענס-בעדינגונגען פון אונזערע הייזער און זיי האָבען כמעט שוין אינגאנצען פערי־אָגט פון זייערע איינגעזעסענע ערטער די עלטערע בירגער: די שווארצע טאראקאנעס און פערנומען זייער אָרט אויפ׳ן שלאכט-פעלד. און אזוינע ביישפּילען זענען דאָ אין דער נאטור ווי צווישען די לעבעדיגע ברואים, אזוי אויך צווישען די פלאנצען און ניט זעלטען אויך צווישען די ערשטע מיט די לעצטע זעהר און זעהר פיעל.

## V.

## ווי אַזוי די מינים ווערען פערענדערט אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען.

מיר געהען איצט איבער צום סאמע אינטערעסאנטסטען טייל פון דער דארוויניסטישער טעאָריע, און אויך, אזוי צו זאָגען, צו דעם סאמע וויכטיגסטען, צום עיקר פונ׳ם דארוויניזם

און מיר וועלען עס ערקלערען גלייך מיט פשוט׳ע און קלאָרע ביישפיעלען פון דעם אלטעגליכען לעבען אין דער חיות־וועלט.

אַנ׳אָדלער למשל, וועלכער איז פון דער נאטור גענוג שטארק, האָט פאר קיינע פיינד (אויסער אַ מענשען נאטירליך) קיין מורא נישט, זיין מלחמה פאר׳ן לעבען, וואָס ער פיהרט מיט די לייבליכע ברידער פון זיין מין גופא, איז מעהר נישט ווי איבערען פשוט׳ען ביסען־ברויט. וואָס מעהר אָדלערס עס פער־פיהרען זיך אין אַ וועלכען ס׳איז געגענד, אַלץ ווייניגער ווערען דאָרט די פעלד־מייז, די האָזען, די קלענערע סאָרטען פייגעלעך, מיט וועלכע דער אָדלער נעהרט זיך. וואָס ווייניגער ס׳ווערען אָבער די דאָזיגע קליינע ברואים, אַלץ גרעסער ווערט די קאָנ־קורענץ צווישען דער אָדלער־משפחה, אַלץ שטארקער ווערט דער קאמפף פאר דעם נאָך איבערגעבליבענעם האָז, קליינעם פויגעל א. אז. וו., אַלץ שארפער ווערט אַלזאָ די „מלחמה פאר׳ן לעבען״. דער אָדלער, וועלכער עס קען פלינקער פליהען, האָט אַ וויטערע ראיה און אַ שטארקערען שנאָבעל, דער, פערשטעהט זיך, וועט פריער פון דער הויך די פעלד־מויז, דעם האָז דערזעהן, וועט שנעלער זי דעריאָגען און פערצוקען. דער שוואכערער וועט מוזען ליידען הונגער, יונגערהייט פון דער וועלט אוועק געהן, אָדער גאָר אָהן קינדער, אָדער לאָזען נאָך זיך אַ שוואכען דור, וועלכער וועט סוף כל סוף איינגאַנצען מוזען אויסשטארבען. דער שטארקער אָדלער מיט דער שטארקער אָדלעריכע וועלען גע־באָרען נאָך שטארקערע קינדער איידער זיי אַליין זענען, און אויף אזא אופן וועט דער מין אָדלער׳ס אינ׳ם שווערען קאמפף פאר׳ן לעבען אויסגעבעסערט ווערען: פון אַ נידעריגערען סאָרט וועט זיך מיט דער צייט ענטוויקלען אַ העכערע.

**א צווייטער ביישפיעל.**

א האָז, וועלכער מוז זיין גאנצען לעבען אָבלעבען אין איינע ציטערנים פאַר זיינע פיינד (ניט אומזיסט זאָגט די וועלט: „ער ציטערט ווי א האָז"), וואָס זענען פיעל און פיעל, וואו ער טוט זיך קעהרען און ווענדען, א האָז מוז, נאַטירליך, פסדר שטעהן אויף דער וואך, אויפפאַסען מיט אַלע זיינע חושים, צו פאַלט ווער אויף איהם ניט אָן. ראַטעווען זיך פון טויט קען ער נאַטירליך ניט מיט זיין גבורה, וועלכע ער האָט ניט, נור דורך דעם ענטלויפען און פערבאָרגען זיך פון זיינע פיינד; און דערצו האָט ער פאָלגענדע מיטלען: ערשטענס לויפט ער זעהר גוט; צווייטעס, מאכט ער אויסגעצייכענטע שפרינגען אָן א זייט, („האָזען־שפרונגען"), אזוי אז דער פערפאָלגער קען נאָך איהם ניט נאָכשפרינגען, דאָס אויף רעכטס, דאָס אויף לינקס; דריטענס, האָט ער אזא גרוי־ברוינעם פעלץ, וועלכער איז שטאַרק ענליך אויף א קאָם ערד אָדער אויף א שטיין, אזוי, אז ער לעגט זיך אוועק רוהיג אויף דער ערד, פערפיהרט ער דערמיט אין א טעות זיין פערפאָלגער, וועלכער גלויבט, אז דאָס איז באמת א שטיק ערד אָדער א שטיין. עס איז קלאָר, אז יענע האָזען וועלען גיכער אַלס קרבן פאַלען, וועלכע זענען פון דער נאַטור וועניגער בעשענקט מיט די אויבענבעשריבענע האָזען־מעלות. בלויז די האָזען, וואָס לויפען פלינק, שפרינגען גוט, בעזיצען א פעל פונ׳ם ערד־קאָליר, האָבען דערצו נאָך א שאַרפען חוש־הראיה און חוש־השמיעה, --- בלויז אזוינע „אויסדערוועהלטע" קענען ביישטעהן אינ׳ם קאַמפף פאַר׳ן לעבען, עלטערען זיך בשלום און לאָזען נאָך זיך אויך א דור, וועלכער וועט די אויבענדערמאָנטע מעלות האָבען נאָך אין א העכערען גראַד, ווייל ער וועט שוין שטאַמען פון אזוינע עלטערען.

דאָ זעהען מיר ווידער, ווי אינ׳ם קאַמפף

פאר׳ן לעבען ווערט דער מין אויסגעבעסערט; שטיינט פון אנידעריגערער אויף א העכערער שטופע.

נעהמען מיר דעם זעלביגען ביישפיל, אזוי צו זאגען, אויפ׳ן לינקען זייט. שטעלט אייך פאר, אז דער בער, דער גרויס־ברוינער אומגעלומפערטער בער, — אזוי ווי דער געוואוינליכער בער אונזערער זעהט אויס, — וואלט זיך געלאזט אויף גײעג אין צפון־געגענד, וואו די גאנצע ארטשאפט ארום און ארום איז פערצויגען מיט א העל־ווייסען דעקטוך פון שנעע. וועלכער שוטה וואלט פון איהם ניט ענטלויפען, בעמערקענדיג איהם פאר א מייל? דער שווארצער בער וואלט אינ׳ם ווייטען צפון געמוזט פון הונגער אויסגעהען. בלויז יענער בער וואלט נאך געקענט וואס בעקומען, ווער עס האט א מעהר אדער וועניגער ווייסע פעל און קען פון דער ווייטען בלייבען מעהר אדער וועניגער אונבעמערקט פאר זיינע קרבנות.

איבער אט דער דאזיגער אורזאכע זענען אלע שווארצע בערען אויפ׳ן צפון אויסגעשטארבען און מיט דער צייט האבען זיך דארט אינ׳ם „קאמפף פאר׳ן לעבען" געבילדעט בלויז שנעע־ווייסע בערען. דאס זעלבע איז אויך געשעהען מיט די קלענערע חיות, וועלכע ס׳דארפען, פערקעהרט, מורא האבען פאר די גרעסערע, זיי זאלען זיי ניט פערצוקען. אויך פאר זיי איז די ווייסע פארב דארט אינ׳ם ווייסען צפון־קאנט זעהר א גוטער שוץ־מיטעל אינ׳ם קאמפף פאר׳ן לעבען, און אויך זיי האבען דארט אין א צייט פון יאהרען און דורות בעקומען אינ׳ם קאמפף פאר׳ן לעבען א ווייסע הויט־פארב. דאס איינציגע לעבעדיגע בעשעפענים אויפ׳ן ווייטען צפון, וואס האט זיין שווארצע פארב אויף ווייס ניט אומגעביטען, איז דער קראה (די ווארא̈נע). אבער גראד אט דער „יוצא מן הכלל", דער דאזיגער אויסנאהם,

בעווייזט ערשט רעכט, ווי ריכטיג דארווינ'ס כלל איז: דער קראָה האָט פאַר אנדערע רויב־פויגעל קיין מורא נישט, ער איז דערצו געניג שטארק און פלינק; אליין לעבט ער אויך פון רויב נישט. ער שפייזט זיך בלויז מיט נבלה. איהם אלזאָ וואָלט די ווייסע פארב קיין שום נוצען אין לעבען ניט געבראכט אין קיין פרט ניט און ער איז דעריבער געבליבען שווארץ, ווי געוועז אויך אינ'ם פור־ווייסען צפון־לאנד.

גראָד אָט דער שווארצער בן־יחיד, דער קראָה, בעווייזט אונז בעשיינפערלעך, ווי ריכטיג דער דארוויניזם אין זיין הויפט־פונקט איז. מיר וואָלטען געקאָנט ברענגען נאָך פיעלע, זעהר פיעלע ביישפילען פון דער פלאנצען־און חיות־וועלט, ווי אזוי דער „קאמפף פאר'ן לעבען" פיהרט צו א פערבעסערונג פונ'ם מין, נאָר דער פלאץ ערלויבט עס אונז ניט צו טון און מיר וועלען דעריבער שליסען אונזער קאפיטעל מיט די ווערטער פון דארווין גופא:

„אָט אזוי קומט עס ארויס פון דער אייביגער מלחמה אין דער נאטור, פונ'ם הונגער און טויט, די לעזונג פון דעם העכסטען פראָבלעם, וועלכע מיר ווילען דערגרייכען: די ענט־שטעהונג פון אלץ העכערע און פאָלקאָמענערע מינים". (דארווין „ענטשטעהונג דער ארטען". קאפיטעל 15).

## VI.

## די איבעריגע צוויי כללים פונ'ם דאַרוויניזים.

אויסער דער „מלחמה פאר'ן לעבען", וועלכע געהט אריין אין דעם דארווינישען נאטור־פילאָזאָפישען בנין אלס דער הויפט־פונדאמענט־שטיין, געהערען צום דארוויניזים נאָך די פאָלגענדע צוויי כללים אָדער געזעצען:

1) די טבע פון די אָרגאניזמען זיך צו פערענדערען אונטער

דער ווירקונג פון דער סביבה און די לעבענס־בעדינגונגען. („דאָס פערענדערונגס־געזעץ״, אָדער „די ווירקונג פון דער סביבה״).

2) די מעגליכקייט איבערצוגעבען בירושה פון דור צו דור די אָדער יענע קערפערליכע און אויך גייסטיגע איינגענשאַפט. — „דאָס פערערבונגס־געזעץ״.

די דאָזיגע צוויי כללים געהען אריין, אזוי צו זאָגען, אלס פּרטים אינ׳ם הויפּט־כלל פון דעם דארוויניזים: אינ׳ם כלל פון דער מלחמה פאר׳ן לעבען.

מיר וועלען עס פּרובען ערקלערען אביסעל אויספיהרליכער.

דער ערשטער כלל — די פערענדערונג פון די אָרגאַניזמען, וועלכע עס קומט פאָר מיט דער פערענדערונג פון דעם „ארום״, פון דער סביבה, ווי למשל, דער קלימאַט, די שפּייזען, די אַרומיגע שכנים א. אז. וו. א. אז. וו.

ווענען דעם האָבען מיר שוין צום טייל גערעדט ביי דער ערקלערונג פון דער מלחמה פאר׳ן לעבען. מיר וועלען דאָ בלויז ברענגען נאָך עטליכע ביישפּילען, וואָס וועלען אונז דעם געדאַנק נאָך קלערער מאַכען.

ווען למשל א מענש, — נאָך בעסער א יונג קינד — זאָל אָנהויבען געהן טאָג־טעגליך באָרוויס, וועט זיך ביי איהם אויפ׳ן טראָט פון זיינע פיס ניט אין זעהר א לאנגער צייט ארום, בילדען א דיקע, הארטער הויט, אזוי ווי פון רימען; און ער וועט קענען פריי טרעטען איבער שטיינער און דערנער ניט פערשטעבענדיג זיינע פיס ועדליג א מענש, וואָס געהט אום שטענדיג אין שוך־ווארג, קען בפועל קיין טראָט ניט מאַכען דרויסען באָרוויסער־הייד, ער זאָל זיך זיינע פיס ניט צוקאַליעטשען.

זאָל אונזערער א געוועהנליכער מענש אָבוואוינען יאָהרען לאַנג אין א ווייטען און ברייטען גלאַטען מדבר, אָדער אויך

אויפ'ן מיט'ן ים, וועט ער זיך אין אמשך פון מעהר אָדער ווענגער יאָהרען, אויסלערנען קוקען אויףביידע זייטען — אויף רעכטס און אויף לינקס — מיט אמאָל און מיט דער צייט וועלען ביי איהם די אויגען ווערען אזוי, ווי ביי די קאַלמיקען, איינס וועט קוקען שטענדיג אויף רעכטס, דאָס צווייטע אויף לינקס.

ביי די, וואָס שפּיעלען יאָהרען־לאַנג אויפ'ן פידעל, ווערען די פינגער פון דער לינקער האַנד לענגער איידער פון דער רעכטער. ביי מוהלים וואַקסען די נעגעל פון די גודל'ען בעסער איידער די נעגעל פון די איבעריגע פינגער.

די ווייסע פאַרב פון די צפון־חיות, די גרינע פאַרב פון פיעלע ווערים און פליגען, דאָס ערד־קאָליר פון דעם האָזען־פעל, די פאַסען־פעל פון דער זעברא *) און נאָך פיעלע אַנדערע — דאָס זענען אַלץ ערשיינונגען פון איין קאַטעגאָריע: *די ענדערונג פון די אָרגאַניזמען אונטער דער ווירקונג פון דער סביבה און די לעבענס־בעדינגונגען.*

אין דאַרווינ'ס בוך „די הויז־טיערען און די געזייטע פלאַנצען" זענען דאָ אַמאַסע אויסערסט אינטערסאַנטע ביישפּילען, ווי אַזוי דער מענש האָט, ענדערענדיג די נאַטירליכע לעבענס־בעדינגונגען פון די חיות און פלאַנצען, גאָר אינגאַנצען אומגעענדערט דעם מין זייערען אַזוי, אַז צוויי מינים טויבען למשל, וואָס שטאַמען בלי ספק פון איין עלטער־עלטער זיידען און באָבען, אונטערשיידען זיך איצט מעהר איינע פון די אַנדערע איידער דער מין טויבען בכלל פון גאָר אַנ'אַנדער מין פויגלען.

---

*) די זעבּראַ וואוינט אויף גלאַטע פעלדער, וואו עס וואַקסען בּלויז זאַנגען. בּעהאַלטען זיך פון איהרע שונאים, פונ'ם לייבּ למשל איז ניטאָ וואו. זי קען בּלויז ענטלויפען ווייט און אָוועקשטעלען זיך נעבּען די זאַנגען, די פאַסקעס פון איהר פעל נאַרען אָב דעם לייבּ: ער מיינט, אַז דאָס זענען זאַנגען.

לויט דעם דאַרוויניזים זענען די ברואים מיט וואַרעמען בלוט (ווי בעקאַנט זענען דאָ צווייערליי לעבעדיגע בעשעפעניסען): 1) קאַלט-בלוטיגע, ד. ה. אַזוינע אין וועמענס אָדערען עס פליסט קאַלטעס בלוט, ווי פיש, פראַשען א. ד. ג. און 2) וואַרעם-בלוטיגע, ווי למשל דער מענש, וועמעס בלוט ס'האָט שטענדיג די טעמפּעראַטור פון ערך 37 גראַד. לויט דער דאַרוויניסטישער היפּאָטעזע זענען די וואַרעם-בלוטיגע ברואים אַרויסגעקומען פון די קאַלט-בלוטיגע. דאָס בלוט אין זייערע אָדערען האָט זיך דערוואַרעמט פשוט דערפון, וואָס זיי האָבען — איבער דער אָדער יענער אונז אונבעקאַנטער סיבה — אָנגעהויבען לעבען אין אַנ־אַנדער סביבה: זיי זענען אַרויס פון וואַסער אין די לופט. אין דער לופט געפינט זיך אָבער ניט בערך מעהר זויער־שטאָף — אַזאַ גאַז, וועלכער איז דאָ אין אונזער אַטמאָספערע ביז 20 פראָצענט בערך — איידער אין וואַסער *) אין דער דאָזיגער זויער-שטאָף, אָדער אויך „ברענשטאָף“, ווי מ'פלעגט איהם אַמאָל רופען, ווייל ער האַלט אונטער יעדע פערברענונג, וועלכע קען אָהן איהם ניט פאָרקומען, — דער דאָזיגער זויער־שטאָף פון דער לופט האָט עס גורם געווען, דאָס די קאַלט־בלוטיגע זענען מיט דער צייט מגולגל געוואָרען אין וואַרעם־בלוטיגע; און אויף אַזאַ אופן איינגאַנצען אומגעענדערט דעם מין.

דער צווייטער כלל אָדער „דאָס פערערבונגס-געזעץ“, ד. ה. דאָס איבערגעבען בירושה די אָדער יענע אייגענ־שאַפט פון איין דור צום צווייטען. דאָס דאָזיגע געזעץ ברויכט ניט קיין לאַנגע פירושים. די גאַנצע וועלט זאָגט אויף קינדער, וואָס זענען אין דעם אָדער יענעם פּרט געראָטען אין די עלטערען:

*) מיר רעדען דאָ וועגען דעם פרייען, גאַזפאָרמיגען זויער־שטאָף, אין ניט וועגען דעם כעמיש־געבונדענעם.

,,דער עפּעל פאַלט ניט ווייט פון בוים". א יודיש־וואָרט ספּעציעל זאָגט: ,,ברא כרעה דאבוה" — אזוהן איז דאָס קנעבעל פון'ם פאָטער — ביידע שפּריכ־ווערטער זאָגען ארויס איין און דעם זעלביגען געדאַנק, אז קינדער זענען עהנליך צו זייערע עלטערען. ווייסען דאָך אלע, אז מ'קען ניט זעלטען דערקענען א קינד נאָכ'ן פאָטער אָדער נאָך דער מוטער נאָך, אז קינדער זענען בכלל צי לויט זייער פנים, צי לויט זייערע תנועות אָדער לויט'ן קול עהנליך אויף זייערע עלטערען.

פונוואַנען קומט עס? ווייל די עלטערען גיבען איבער בירושה זייערע קינדער זייערע אייגענשאַפטען, וועלכע געפינען זיך אין די זאָמען פונ'ם פאָטער און די אייעלעך פון דער מוטער אין אַפּערבאָרגענעם צושטאַנד. און ניט בלויז פיזישע, קערפּער־ליכע אייגענשאַפטען, נאָר אויך גייסטיגע ווערען דאָס רוב איבערגעגעבען בירושה פון עלטערען צו קינדער, צו קינדס־קינ־דער א. ז. וו. ניט אומזיסט זאָגט מען: ,,א דור פון רבנים", ,,א דור פון חזנים", א. ד. גל.

אמת, די דאָזיגע ,,פּערערבונגס־טעאָריע" האָט ארויסגע־רופען גרויסע סכסוכים אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט, און אפילו די דאַרוויניסטען גופא זענען אין דעם פּרט ניט גאָר אינגאַנצען איינשטימיג מיט זייער רבין, מיט דאַרווינ'ען גופא. אָט אזוי האָט דער בערימטער ביאָלאָג וויסמאַן ארויסגעטראָטען געגען דאַרווינ'ען. לויט זיין מיינונג קענען איבערגעגעבען ווערען בירושה נור אזוינע אייגענשאַפטען, מיט וועלכע דאָס לעבעדיגע בעשעפעניס איז מתחילה געבאָרען געוואָרען. די אייגענשאַפטען אָבער, וועלכע דאָס בעשעפעניס האָט בעקומען אין דעם משך פון זיין לעבען, דורך זיין צופּאַסונג צו דער אָדער יענער סביבה, צו די אָדער יענע בעדינגונגען אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, ניט די געבאָרענע נור די געוואָרענע אייגענשאַפטען קענען, לויט

ווייסמאַניען, בירושה ניט איבערגעהן.

לויט דאַרווין׳ען ווערען איבערגעגעבען בירושה ווי די געבאָרענע, אזוי אויך די געוואָרענע — און פאַראַן איצט זאָגאַר פון די נייע דאַרוויניסטען, וואָס זענען דערינען מסכים מיט דאַרווין׳ען.

עס געהט אויך אַ שטרייט, ווי, אויף וועלכען וועג, ווערען איבערגעגעבען די אָדער יענע אייגענשאַפטען בירושה, צי דירעקט פון עלטערען צו קינדער, לויט דער „גלייכער ליניע", אָדער זיי שפּרינגען איבער אַ דור צו צוויי און רופען זיך אָב ביי די קינדס-קינדער אָדער זאָגאַר ביי די אור-אייניקלעך, אָדער זיי קעהרען נאָר אָב אָן אַ זייט, קומען אָן צום טייל צו די קינדער פון ברידער און שוועסטער, אָדער צו אַנדערע זייטיגע קרובים אין דער משפּחה. די אַלע פראַגען זענען נאָך עד היום ניט אויפגעקלערט געוואָרען אינגאַנצען אין דער וויסענשאַפט. איינס איז אָבער זיכער, אַז די אָדער יענע אייגענשאַפטען ווערען ווענינגסטענס צום טייל איבערגעגעבען בירושה פון דור צו דור. און דערמיט איז דאָס „פערערבונגס-געזעץ" אריין אין דער ביאָלאָגיע אלס אַ פעסטע נאַטור-געזעץ.

## VII.

## די נאַטירליכע אויסוואהל און דער טריאומף פון׳ם דאַרוויניזם.

מאַכען מיר אין אונזער שלוס-קאַפּיטעל אַ סך-הכל פון אַלץ, וואָס מיר האָבען ביז איצט בעשריבען, ד. ה. פון די איינצעלנע טיילען פון דער דאַרווינישער טעאָריע, דאַן בעקומען מיר פאָלגענדעס גאַנצעס בילד פון דעם, וואָס עס שפּילט זיך אָב אין דער לעבעדיגער וועלט, ד. ה. אין דער וועלט פו

די פלאַנצען און ברואים.

אין דער שווערער „מלחמה פאַר׳ן לעבען״, וואָס די פלאַנצען און די לעבעדיגע ברואים, קומט אויס צו פיהרען טאָג־טעגליך פאַר זייער חיונה, געהט יענער אַרויס מיט נצחון, וועמ׳ס איז פון דער נאַטור אָדער דורך געוועהנהייט מעהר צוגע־פאַסט צו דער סביבה און צו די לעבענס־בעדינ־גונגען, אין וועלכע איהם קומט אויס צו קעמפפען פאַר זיין עקזיסטענץ. די דאָזיגע פון דער נאַטור אויסדערוועהל־טע יחידים־זכרים און נקבות—לעבען איבער די קערפערליך־שוואַכע, גייסטיג וועניגער פעהיגע צו דעם קאַמפף פאַר׳ן לעבען, פאַרעןֿ זיך צוזאַמען און געבאַרען איונגען דור, וועלכען זיי גיבען איבער בירושה זייערע גינסטיגע און בעסערע אייגענשאַפטען, אויף אַזאַ אופן קלייבט די נאַטור אליין אויס די בעסערע און די גערעטענערע, וועלכע מעהרען זיך און פרוכפּערען זיך און לאָזען קינדער נאָך בעסערע און נאָך גערעטענערע, ווייל זיי שטאַמען שוין פון אויסדערוועהלטע עלטערען. דעם דאָזיגען קאָמפּליצירטען פּראָצעס, וועלכער עס שפּילט זיך אָב אין דער גאַנצער אָרגאַנישער וועלט, האָט דאַרווין דעריבער אַ נאָמען געגעבען „די נאַטורליכע אויס־וואַהל״, ד. ה., דאָס, וואָס די נאַטור אַליין אָהן אַ שום בעוואוסטזיין און אַ העבערען ווילען און שכל וועהלט אויס די בעסערע פון די ערגערע.

אַזוי אָבער, ווי אויך די אויסדערוועהלטע קומט אויס צו לעבען ניט אַלעמען ביי גלייכע בעדינגונגען און אין אַ גלייכער סביבה, ענדערען זיך מיט דער צייט אַ טייל פון די „אויסדערוועהל־טע״. די נאַטור וועהלט פון זיי ווידער אויס די בעסער צום לעבענס־קאַמפף צוגעפּאַסטע. דער היוצא מזה איז, אַז אין דער „מלחמה פאַר׳ן לעבען״, בענוצענדיג זיך מיט דעם, וואָס די

אָרגאַניזמען קענען זיך ענדערען אונטער דער ווירקונג פון דעם אַרום („דאָס פערענדערונגס-געזעץ") און קענען איבערגעבען בירושה די געבאָרענע אָדער געוואָרענע אייגענשאַפטען („דאָס פערערבונגס-געזעץ") בעסערט אויס די נאַטור כסדר איהרע מינים, ענט-וויקעלט זיי פון נידעריגע צו העכערע, פערמעהרענדיג דערביי אויך די צאָהל פון די מינים, ווייל אין דער „נאַטירליכער אויס-וואהל" פערענדערען זיך אויף אַזוי פיעל מיט דער צייט די אייגענשאַפטען פון די קומענדיגע דורות, דאָס זיי ווערען אינ-גאַנצען פערשיעדען פון זייערע אור-עלטערען.

ווי דער לעזער זעהט, איז אין דעם געזעץ פון דער נאַטירליכער אויסוואהל איינגעשלאָסען דער גאַנצער דאַרוויניזם.

מיט דער נאַטירליכער אויסוואהל ערקלערט דאַרווין די ענטשטעהונג פון די מיליאָנען פערשידענע פלאַנצען און לעבע-דיגע ברואים פון איין אָדער פון אייניגע פשוט'ע נידעריגע לע-בעדיגע אָרגאַניזמען. אין אַ רייהע פון מיליאָנען יאָהרען האָט די נאַטור אויסגעוועהלט איין מין פון דעם צווייטען, אַ העכערען פון אַ נידעריגערען און אַזוי איז דאָס מין-בריאה געשטיגען אויף דעם לייטער פון דער ענטוויקלונג, פון אַ נישט-ווערטען, נישט-מערקבאַרען מיקראָבל, איבער די פיש, ווערים, שלאַנגען, פיער-פיסיגע ברואים, ביז זי האָט דערגרייכט צו דער שטופּע פון אַ מענשען-עהנליכען אַף (אָבעזיאַנע); און פון איהר צום קרוין פון דער נאַטור, צו דעם „בחיר כל היצירים" — צום מענשען *)!

*) פיעלע פלאַכקעפּיגע מענשען פיהלען זיך בעליידיגט פון דעם דאָזיגען דאַרווינ'ישען סדר־היחוס. מיר וועלען דעריבּער ברענגען דאַרווינ'ס אייגענע ווערטער וועגען דעם. „איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין אַנ'אור-אייניקעל פון יענער, איהרע חברים טרייער און טאַפּערער אָפּע, וואָס

צום שלום נאָך עטליכע ווערטער וועגן דעם טריאומף פונ׳ם דאַרוויניזם אין דער לעצטער צייט בכלל -און אין דער סאַמע לעצטער צייט בפרט.

איינע פון די הויפּט־טענות געגען דעם דאַרוויניזם איז די פאָלגענדע: אויב דאַרווין איז טאַקע גערעכט, אַז די מינים פערענדערען זיך אין דער משך פון דער צייט, טאָ פאַר וואָס איז די דאָזיגע פערענדערונג, דער דאָזיגער גלגול פון איין מין אין דעם צווייטען, נאָך קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, אזוי צו זאָגען, ביים מענשען פאַר די אויגען? מיר האָבען דאָך בעשרייבונגען פון פלאַנצען, חיות, עופות און אַנדערע ברואים, וואָס זענען אַלט פיעלע הונדערטער יאָהרען. פאַר וואָס האָבען די ביאָלאָגען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט בעמערקט אַזאַ פערענדערונג, און ניט פערצייכענט קיין נייעם מין, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט פון אַפריהערדיגען אַנ׳עלטערען?

און די זעלביגע שאלה שטעלט מען אויך בנוגע צו דאַר־וויניס ערקלערונג וועגן דער אָבשטאַמונג פונ׳ם מענשען. אויב אַ מענש איז אַגלגול פון אַ אַפע, טאָ, וואו איז דער איבערגאַנגס־טיפ, דאָס מיטעל-גליעד, דער האַלב־מענש און האַלב־אַפע, וואָס האָט אונבעדינגט געדאַרפט דאָך עקזיסטירען?

מען מוז מודה זיין, אַז די אויבענגעשטעלטע שאלות

---

האָט זיך אומגעקעהרט פון בארג. אַראָב אום מיט אייגענע מסירת־נפש איהרען אַשוואַכערען חבר פון די שונאים׳ס הענד -- מענשען -- צו ראַ־טעווען, איידער צו האָבען פאַר אַנ׳עלטער־זיידען יענעם ווילדען מענשען, וועלכער פרעגעלט זיך פון נחת, בעת ער צורייסט אויף שטיקער זייכעם אַ מיט מענשען, וועלכער ברענגט מענשען־קרבנות, פייניגט אומברח־מנות׳דיג קלייניצקע קינדערלעך, פערהאַלט זיך צו זיינע ווייבער ערגער איידער צו בהמות, וויים פון קיינע בזיונות ניט און גלויבט אין ווילד־משונה׳דיגע אַבערגלויבענישען״. (דאַרווין די אַבשטאַמונג פונ׳ם מענשען).

האָבען פיעלע דאַרוויניסטען אין פערלעגענהייט געשטעלט. מ׳האָט ביז דער לעצטער צייט אַלעמען געגעבען נור איין תירוץ: די פערענדערונג פון איין מין אין דעם צווייטען קומט פאָר אין דעם משך פון אַזאַ מורא׳דיג לאַנגען פעריאָד, דאָס ס׳איז אונמעגליך אפילו געשיכטליך צו פערפאָלגען. דער דאָזיגער ענטפער איז אָבער בלויז צום טייל בעפרידיגענד, איבערהויפּט נאָך, ווען מען זאָל ניט פערגעסען, אַז דער דאַרוויניזם אַליין איז נאָך קוים אַ האַלבע מאה יאָהרען אַלט און ביז דאַן האָט קיינער גאָר ניט געטראַכט וויסענשאַפטליך נאָכצושפּירען נאָך דער פערענדערונג פון די מינים.

די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהרען, ווען די ביאָלאָגען פון אַלע לענדער האָבען זיך ענערגיש גענומען צו דער זאַך. האָבענדיג דעם „דאַרוויניזם" אַלס אַוועג־ווייזער, אַלס אַ „סנאָפּליכט", האָט זיך זיי טאַקע איינגעגעבען פּראַקטיש צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון דער דאַרוויניסטישער עוואָלוציאָנס־טעאָריע.

אָט זענען פאַקטען:

אויף דער אינזעל פּאָרטאָ־סאַנטאָ, זענען פון דער נאַטור קיין מילך־זויגער נישטאָ. מיט אַ צוויי־דריי הונדערט יאָהר צוריק האָט מען אַהין געבראַכט פון דער פרעמד אונזערע געוועהנליכע קראָליקעס. לעבענדיג גאָר אין אַנ׳אַנדער סביבה, ביי דורכאויס אַנדערע לעבענס־בעדינגונגען און גאַנץ אָבגעזונדערט פון זייערע היימישע מין־ברידער, האָבען זיי זיך מיט דער צייט פּראַקטיש פערענדערט אין גאָר אַנ׳אַנדער מין, וועלכער איז ניט

אַל די דאָזיגע „שעבע מעלות" אויף דעם ווילדען „נאַטור־מענשען" האָט זיך דאַרווין אָנגעזעהען אין דעם „פייער־לאַנד", וואו דאַרווין איז געוועזען אויף זיין רייזע דאָס ערשטע מאָל אויפ׳ן שיף „ביגל" בשעת ער האָט צוזאַמען מיט׳ן קאַפּיטאַן אַהין אָבגעפיהרט די צוויי ציוויליזירטע „ווילדע", וועלכע האָבען געזאָלט דאָס „פייער־לאַנד" קולטי־ווירען.

בלויז לויט זיין אויסערען געשטאלט פערשידען פון זיינע אור־עלטערען, נאָר וועלכער לאָזט זיך איצט ניט צו־נויפפּאָרען מיט אונזערע קראָליקעס (אין דער ביאָ־לאָגיע רעכענט זיך פאַר׳ן הויפּט־סימן פון דער בעזונדערקייט פון צוויי מינים, ווען זיי פּאָרען זיך ניט איינע מיט דער צווייטע).

אין אַ צווייטען אָרט בעמערקט זיך, ווי קראָליקעס ווערען אומגעענדערט אין אַ מין חיות, וואָס לעבען אויף בוימער. פון אַ דריטען אָרט שרייבט מען, אז אַ געוויסער מין פּאָפּוגאיעס, וואָס האָט זיך פריער געשפּייזט מיט גראָזען און ווערים, איז איצט געוואָרען אַ רויב־פויגעל, וועלכער דורשט נאָך בלוט ווי אַ קאָרשון, אָדלער א. ד. ג. אין אונגארען האָט זיך אין אַ משך סך־הכל פון דרייסיג יאָהר אַ פליגעלע, וואָס פלעגט וואוינען אויף די אָרטיגע בוימער, איינגאנצען אומגעענדערט, באלד ווי מ׳האָט אין יענעם געגענד קינסטליך גענומען פלאנצען אַ נדערע בוימער. אין דעם לעצטען פאַל זעהט מען, אזוי צו זאָגען, מיט די אויגען די ריכטיגקייט פון דעם דארוויניזם.

אָבער נאָך אַ גרעסערען טריאומפף פאַר׳ן דארוויניזם איז געווען אין 1909, אינ׳ם דארווינישען יובילעאום־יאָהר, פער־שאַפט פאַר איהם דער דייטשער אַנטראָפּאָלאָג, פּראָפעסאָר שעטענזאַק, וועלכער גראָבט זיך שוין מעהר אַלס צוואנציג יאָהר ארום היידעלבערג. די לעצטע צייט האָט ער געפונען, אין דעם ערד־פלאַסט, וועלכע די געאָלאָגען רופען, „די פיערטע פאָרמאציע״, אַ באַק־ביין, וועלכע האָט געהערט בלי ספק אַנ־אור־אַלטען מענשען. אין דער דאָזיגער באַק־ביין פון אדם־הרא־שונ׳ס אַנ׳עלטער־זיידען זענען נאָך פעסט געזעסען אַלע ציינער, וועלכע זענען דורכאויס מענשליכע. די באַק־ביין גופא איז אין פיעלע פרטים עהנליך אויף אַ באַק־ביין פון אַנ׳אַף (אָבעז־זיאַנע), זי איז צוויי מאָל אזוי דיק, ווי אַ מענשליכע; דערפאַר

אָבער איז זי קורצער איידער אַ באַק־ביין פון אַנ׳אַף. די איבעריגע פּרטיות׳דיגע בעשרייבונג פון „אדם הראשונ׳ס עלטער זיידענ׳ס״ באַק־ביין וועלען מיר דורכלאָזען. דאָס געהערט מעהר צו ספּע־ציאַליסטען.

דעם דאָזיגען אור־מענש האָט דער פּראָפעסאָר שעטענ־זאַק אַ נאָמען געגעבען Homo Heidelbergensis ד. ה. „דער היידעלבערגער מענש״.

און דער דאָזיגער „מענש פון היידעלבערג״ איז געוועזען די בעסטע מתנה, וואָס די וויסענשאַפטליכע וועלט האָט געקענט ברענגען דעם יובילאַר דאַרווינ׳ען, צו זיין הונדערט־יאָהריגען יובילעאום!

און אויב דער דאַרוויניזם האָט זיך אַרויסגעוויזען אַזוי שאַרף ריכטיג אין זיינע הויפּט־פּונקטען, דאַרפען מיר אפשר נאָר ניט וואַרטען ביז די נאַטור אַליין וועט אונז פון דעם היינ־טיגען אונפאָלקאָמנעם מענשען „אויסדערוועהלען״ אין אַ משך פון מיליאָנען יאָהרען, אַ העכערען מין מענש, אַ מין אויבער־מענש. מיר קענען אפשר אַליין אַוועקשטעלען דעם מענשען אין אַזא גינסטיגער סביבה, אין אַזוינע גינסטיגע בעדינגונגען, דאָס ער זאָל זיך מיט דעם וועג פון דער „קינסטליכער אויסוואהל״ אויפהויבען אויף אַנ׳אונגעהויער העכערער שטופע.

דעם דאָזיגען געדאַנק האָט שאַרף און בולט אַרויסגעזאָגט בעבעל אין זיין בעריהמטען בוך „די פרוי און דער סאָציאַליזם״. און מיט זיינע ווערטער וועלען מיר אויך שליסען אונזער אַבהאַנד־לונג וועגען דאַרוויניזם.

„וויבאַלד — שרייבט בעבעל — אַז ביי דער אָנווענדיג פון די דורך דאַרווין ענטדעקטע נאַטור־געזעצען קען מען אין דער פלאַנצען און חיות־וועלט בפועל וואונדער בעוויזען דורך קינסט־ליכען אויסהאָדעווען פון די בעסטע מינים, איז אויך קיין שום

ספּק ניט, אַז ביים מענשען קענען אויך די דאָזיגע געזעצען פיהרען צו וואונדערליכע רעזולטאַטען, ווי אינ׳ם קערפּערליכען, אַזוי אויך אינ׳ם גייסטיגען לעבען. שלעכטע לעבענס־בעדינגונגען זענען די אורזאַכע פון ניט גוט ענטוויקעלטע מענשען אי קער־פּערליך אי גייסטיג. דער פּועל-יוצא דערפון איז: די ריכטיגע אָנווענדונג פון די נאַטור-געזעצען, וועלכע טראָגען דעם נאָמען דאַרוויניזם, אויף דעם מין־מענשען, דאַרפען שאַפען אַנדערע מענשען וויבאַלד נור ס׳וועט איינגעפיהרט ווערען אַנ׳אַנדער סאָציאַלע לאַגע, וועלכע ס׳וועט פּראַקטיש מעגליך זיין—לויט מאַרקס׳ס לעהרע—אין דער צוקונפ־טיגער סאָציאַליסטישער מלוכה״.



**G. Roux:**

## מאַן־און ווייב־לעבען ביי חיות.

### I.

„די פאָרם פון פאַמיליען־לעבען, האָט געזאָגט נאַפּאָלעאָן, הענגט ס'רוב אָב פון כאַראַקטער, פון די זיטען". אָט דער געדאַנק איז פונקט אַזוי גוט צוגעפּאַסט אויך צום געזעלשאַפטליכען לעבען ביי חיות, ווי ביי די מענשליכע געזעלשאַפטען. סיי ביי די, סיי ביי יענע האָבען די געלעהרטע, נאָך לאַנג־יאָהריגע אויפמערקזאַמע בעאָבאַכטונגען, ענטדעקט די זעלביגע פאָרמען פון געשלעכטס־לעבען: מאָנאָגאַמיע (איינווייבעריי), פּאָליגאַמיע (פיעל־ווייבעריי) און געמישטע פאָרמען. ברעהם, שמאַרדאַ, קאַרוס האָבען דאָס דערוויזען מיט אָהן אַ צאָהל ראיות.

די זאָרג פאַר די קינדער מיט דער בעדערפניש אויפצוהאַלטען דעם מין — איז כמעט שטענדיג דער סימן, וואָס כאַראַקטעריזירט די געזעלשאַפט. דערזכר און די נקבה פערהיטען און בעשיצען צוזאַמען דאָס קליינוואַרג, ביז עס ווערט ניט זעלבסטשטענדיג, ביז עס ווערט ניט אומשטאַנד אַליין צו שאַפען זיך שפּייז און אַרויסצודרעהען זיך פון אַ צרה. אין זעהר אַ סך פאַמיליעס אונזערע געהט עס אַזוי צו, אַז די עלטערען פערלאָזען דאָס קינד, ווען עס ווערט שוין פערזיכערט מיט אַ קאַריער, אָדער דאָס קינד אַליין וואַרפט דאַן אַוועק די עלטערן.

האָט דאָס געפיהל צו פערוואָהרענען דעם עצם מעצמו ובשר מבשרו — בילדעט אַ בעזונדערע אייגענשאַפט ביי די חיות. בוכנער שטעלט די מוטער-ליעבע ביי חיות אויף דער זעלבער מדרגה ווי ביים מענשען. אַ פרוי וועט זיך אַריינוואַרפען אין פייער בכדי אַרויסצורייסען פון דאָרטען איהר קינד און אַליין אומצוקומען אין די פלאַמען. אָבער אָט די אייגענע זעלבסט-אָפפערונג איז אין דער אמת'ן ניט העלדישער איידער די זעלבסט-אָפפערונג פון אַ שטאָרך-אַ מוטער (אַ בוטשאַן, אַ בושעל), וואָס וואַרפט ניט אַוועק איהר נעסט אין פייער און שפרייט אויס, אויף וויפיעל זי קאָן, איהרע פליגלען אויף איהרע קינדער, בכדי זיי צו בעשיצען. ס'איז ניטאָ קיין וואונדערליכערע זאַך ווי די אויפפיהרונג פון אַ זי-אַ העלפאַנד, וועגען וועלכער עס דערצעהלט דער געלעהרטער שוויינפורט. אום זי צו פאַנגען, האָבען די יעגער אונטערגעצונדען די בוימלעך, וואוהין זי איז אַנטלאָפען מיט איהרע קינדער. זי האָט אַלע כחות אָנגעשטרענגט זיי צו ראַטעווען: זי האָט מיט'ן נאָז אָהן אויפהער געשעפט וואַסער און געשפריצט אויף זיי, לויפענדיג ווי אַ צעמישטע און אַרויסלאָזענדיג האַרצרייסענדע פערצווייפלונגס-געשרייען.

די געלעהרטע לאַסעפעד, קיוויע, וואַלענסיען און סעליי בעהויפטען, אַז פיש האָבען אייגענשאַפטען, וואָס זענען עהנליך צו עלטערן-ליעבע און מאַן-און ווייב-איבערגעגעבענקייט. דער שטעבעלפיש, דער ,,ער", הגם ער לעבט אין פּאָליגאַמיע, דאָך נעהמט ער אַ העכסט אַקטיווען אַנטייל אין'ם בויען דעם נעסט, וואו די ,,זי" דאַרף לעגען איהרע אייער. די מעלות פונ'ם פאָטער שטייגען, דעם אמת זאָגענדיג, אַריבער די מעלות פון דער מוטער. זיין זאָרגען און אייפריגע פליסיגקייט איז אָהן אַ ברעג, הן בנוגע דעם היטען די רויגען, הן ביים אָבטרייבען די שונאים, וואָס לויערן אויף זיי. ער ווייזט אַרויס אַזאַ לעבעדיגע איבערגע-

בענקייט און זאָרג וועגן דער פאַמיליע, אַז בעת די קליינע פאַלען אַמאָל אַריין צו אַ שונא, רייסט ער זיך מיט דער זי, אַזוי ווי ער וואָלט איהר בעשולדיגען אין דעם אונגליק, פונקט ווי אויף איהר וואָלט ליגען דער חוב צו היטען די קינדער. דער געלעהרטער פיקטע דערצעהלט, ווי דער ער ביי די ים־פערד און אַנדערע ים־פיש בעשיצט מיט וואונדערליכען שכל צוזאַמען מיט דער זי זייער נעסט. האַטשינסאָן ווייזט אויף, אַז די גרויסע לאַקסען פון טייך אָרעגאָן (אין אַמעריקא), נעהמען אויף זיך די אחריות פון בעשיצען דעם נעסט אויף אַזאַ ריהרענדען אופן, פונקט ווי די התחיבות פון אַ געשלאָסענעם פערבאַנד. זיי גראָבען אין זאַמד אויפ׳ן דעק טייך גריבער און בעהאַלטען זיך דאָרטען, בכדי אָב־צוהיטען און אָנצופאַלען אויף די אונערבאַרעמדיג־בייזע פיש פאָרעלען, וואָס לויערען אויף די אייער. אָפטמאָל בעוואָהרענט דער לאַקס, דער זכר, די „זי״ — צו צוגרייטען אַנ׳אָרט, וואו אָבצושטעלען זיך. די איבערגעבענקייט פונ׳ם „ער״ צו זיין חברתה איז אַזוי גרויס, אַז ער געהט פאַר איהר אין די גרעסטע געפאַהר. אמת, אַז דאָ שפּיעלט אַ ראָלע מעהר די אייפערזיכט. די דאָזיגע גרויסע אַמעריקאַנער לאַקסען שווימען מחנות־ווייז, און, ווי אין יעדער געזעלשאַפט, קומען צווישען זיי אָפט פאָר קריג, רייסעניש און מלחמות איבער אַ „זי״. ווען זיי דערזעהען זי, וויל יעדערער גלייך בעקומען זי אַלס אייגענטום און זיי וואַרפען זיך צוליעב דעם אַריין אין די בלוטיגסטע מלחמות, דער פעהיג־סטער און דער שטאַרקסטער זיעגט און בלייבט איהר בעהערשער, לויט דעם דער נאַטור־געזעץ פון אָבקלייבונג *), וואָס דאַרווין

*) דער נאַטור־געזעץ פון אָבקלייבונג בעשטעהט דערין, אַז אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען זיגט אַלע מאָל דער שטאַרקערער, דער פעהי־גער, וואָס איז מעהר צוגעפּאַסט צו די בעדינגונגען פון דער סביבה, און אויף אַזאַ אופן ווערען אָבגעקליבען, בלייבען איבער וואָס ווייטער

האָט דערוויזען, וואָס אָנבעלאַנגט די בעזיעגטע, איז אויב זיי זענען ניט דער׳הרג׳עט געוואָרען, טרעטען זיי אָב אין א זייט און וואַרטען אויף א גליקליכערע געלעגענהייט.

א בעוואוסטער פיש פונ׳ם ים־טבריא אין ארץ ישראל האָט אפילו פערדיענט דעם נאָמען פאַמיליען־פאָטער. זיינע בעפרוכטעטע אייעלעך פערבעהאַלט ער אין זיין מויל און דער־נעהרט זי׳ דאָרט. די פיש, וואָס רופען זיך „לבנה־פיש״, וואָס געפינען זיך אָהן א שיעור אין די טייכען פון שטאַאט ניו־יאָרק, ווייזען אויך אַרויס אַזעלכע אייגענשאַפטען. ליגענדיג איינגענר רעט אינ׳ם געלבליכען זאַמד, וואו די „זי״ וואַרפט די רויגען, קוקט דער „ער״ זיך אַרום און האָרכט זיך אויפמערקזאַם איין, וואָס עס קומט פאָר אין דער סביבה, באַלד דערוועגט ער זיך אַרויסצושווימען פון זיין בעהעלטעניש אויף דרויסען, אונטער די זונען־שטראַלען, וואָס מאַכען פינקלען זיינע שופען און פלוס־פעדערען, צוליעב וואָס די רויב פיש קענען איהם לייכט בע־מערקען, און ער שווימט אַזוי פאָרזיכטיג פון אויבען, פערהיטענדיג און בעשיצענדיג זיין אוצר; — און באַלד האָט ערווירקליך א רויבער בעמערקט, און ער לאָזט זיך צו איהם גלייך אַנטקעגען מיט אנ׳אמת׳ן צאָרן, וועלכען ער דריקט אוים קלאַפענדיג מורא׳דיג מיט׳ן עק אָן וואַסער, און דאַן הויבט זיך אָן צווישען זיי א פערביטערטער, פערצווייפעלטער געשלעג.

ביי געוויסע מינים איז דער פאָטער־געפיהל מעהר ענט־וויקעלט איידער די מוטערשאַפט, און דעריבער קומט דעם ער אָפּט אוים געגען דער זי צו בענוצען זיך מיט זיינע רעכטען פון א בעשיצער פונ׳ם קליינ־וואַרג. אָבער די דאָזיגע ראָל איז פונ־דעסטוועגען ניט די אייגענשאַפט פון אַלע מינים פישען. די

---

אַלץ מעהר ענטוויקעלטע, העכערע אַרטען, מינים און קלאַסען, סיי אין דער טיער־וועלט, סיי אין דער וועלט פון די פלאַנצען.

נידעריגע אַרטען פיש, וואָס לעבען אין געמישטע מאַן־און ווייב־פאַרמען, וואַרפען גערן אַוועק די זי נאָך פאַר׳ן אייער־לעגען. מען ערקלערט די דאָזיגע אונגעטריישאַפט דערמיט, וואָס אָט ביי די מינים איז דער אָרגאַניזם אַזוי איינפאַך, און דאַרף אַזוי ווייניג האָבען, אַז דער נייגעבאָרענער פיש קען פון דער ערשטער שעה אָן פון זיין עקזיסטירען שטעלען זיךדרייסט אין די „מלחמה פאר׳ן לעבען״. און דאָך וועט אַלע מאָל איבערבלייבען אַ גענוג גרויסער טייל, אום דער מין זאָל ניט אויסשטאַרבען אינגאַנצען. די זי׳ען וואַרפען שטענדיג אָן אַזוי פיעל רויגען, אַז בכדי צו פערזיכערן די פאָרטזעצונג פונ׳ם מין, דאַרפען גאָר דער ער און די זי ניט אַזוי ציטערן און פלאַטערן איבער׳ן קליינוואַרג, זיי קענען זיך אפילו לגמרי בעפרייען פון יעדער שטרענגער השגחה איבער זיי.

פערקעהרט, ביי פיש מיט אַ העכערער ענטוויקלונג פון אָרגאַניזם, אויך אינ׳ם קלאַס אַמפיביען *) און שראָצים, בעמערקט מען אַ טרייען פאַמיליען־לעבען צווישען די עלטערן. זיי פאָלגען פונקט אַזאַ נאַטירליכען געזעץ, וואָס הערשט אויך אין די מענשליכע געזעלשאַפטען. דער שלום־בית פוןביידע געשלעכטער עקזיסטירט לכל הפחות אין משך פון אַ בעשטימטער צייט פון יאָהר און די אחריות, וואָס זיי פיהלען, ווערט פון ביידע צדדים געאַכטעט און שטרענג אָבגעהיט. די זי בעשטימט זיך צו היטען די אייער און דער ער — זיי צו בעשיצען פון אָנפאַלען. אָט די אייגענשאַפט בעגעגענען מיר סיי ביי די נידיריגערע אַרטען זויג־חיות, סיי ביי געוויסע העכערע מינים.

נור דעם בעסטען ביישפיעל, וואו דאָס פאַמיליען־לעבען איז אַזוי טריי און הויך ענטוויקעלט ווי ביי די מענשען, געפינען מיר

---

*) אַמפיביען—ברואים, וואָס לעבען אי אויף דער ערד, אי אין וואַסער.

ביי די פויגלעך. אויסער עטליכע זעלטענע אויסנאַהמען, זענען זיי אַלע גרויסע בריות צו פיהרען אַ בעל־הבתיש׳קייט. די דאָזיגע בעוואוסטזיניגקייט איז אַפילו מעהר ענטוויקעלט ביי די פויגלעך־מינים, איידער ביי די זויג־חיות. די געלעהרטע ברענגען אַ סך פאַקטען, וואָס בעווייזען, אַז ביי דעם פויגעל איז דער פאַמיליען־לעבען און אויך דאָס פאַטער־געפיהל נאָך פיעל שטאַרקער איידער ביים מענשען. דער גרעסטער טייל זכרים, אין שטייג אָדער אויף דער פרייהייט, זענען צוגעבונדען צו ווייב און קינד מיט לייב און לעבען און הערען אויף אַ מינוט ניט אויף צו זאָרגען וועגען זיי. דער צובונד פון מאַן און ווייב ביי געוויסע טיילען פויגלעך געדויערט גאַנץ אָפט אַפילו זעהר לאַנג. אום צו דערווייזען דאָס, האָט דער נאַטור־פאָרשער בענעט איבערגע־געבען אַ פאַקט מיט אַ פּאָר ענטלעך, אַ ער און אַ זי, וואָס זענען געווען פערבונדען מיט אַ זעלטען טיעפער ליעבע. איינמאָל האָט מען אוועקגעטראָגען די זי אין אַנ׳אַנדער אָרט צו זעצען איהר אויף אייער. פאַר׳ן ער איז די דאָזיגע צושיידונג געווען אַזוי שווער, אַז ער איז באַלד אָבגעצעהרט געוואָרען; ס׳איז געווען אַ רחמנות עס צוצוזעהן. אָבער ווען מ׳האָט איהם צוריק אומגע־קעהרט זיין זי, איז דאַן פאָרגעקומען אַ ריהרענדע סצענע פון הייסע ליעבע און צערטליכקייט. ביל ע דערצעהלט אין זיין בוך „די פויגלעך פון ניי-זעלאַנד״ וועגען אַ פּאָר פאַלק „גאָלד־פויגלעך״, וואָס האָבען געקענט דיענען פאַר אַ מוסטער פון פאַמיליען־לעבען. דער ער איז דער־הרג׳עט געוואָרען בעת אַ יאַכט, די זי איז פון טיעפען טרויער איבער דעם זעהר אָבגע־שוואַכט געוואָרען, האָט ניט צוגענומען קיין שפּייז און איז סוף כל סוף פון גרויס צער אויסגעגאַנגען. -- ס׳איז אויך בעקאַנט דער שרעקליכער טרויער ביי די טורטעל־טויבען, ווען עס שטאַרבט איינער פונ׳ם פּאָר פאָלק, די פּאָפּוגייען־זי׳ען און

אנדערע פויגלעך לעבען ניט איבער זייערע ער'ן. דאָ איז די ליעבע שטאַרק ווי דער טויט, ניט קיין ליטעראַרישע מליצה, אָבער די טראַגישע ווירקליכקייט.

מאַן-און ווייב-לעבענס ביי חיות קומען ניט פאָר דורכאויס דוקא צווישען אינדיווידען *) פון איין און דעם זעלבען מין. דאַרווין בעטראַכט א סך פאַלען פון געשלעכטס-לעבען צווישען פערשידענע אַרטען אין ווילדען צושטאַנד. ער ברענגט א פאַקט פון ליעבע און געשלעכטס-לעבען צווישען צוויי פויגלעך פון פערשידענע אַרטען, א דראָסעל און א גייער. זיי האָבען זיך צערטליך געליעבט און געהאַט צוזאַמען קינדערלעך. געמישטע פעראייניגונגען צווישען ענטלעך פון פערשידענע משפחות זענען אַלעמען גוט בעקאַנט. דער זאָאָלאָגישער גאָרטען אין לאָנדאָן האָט אין א משך צייט פערמאָגט פאַזאַנען, געבאָרענע פון געמישטע אַרטען. דער געלעהרטער דיקסאָן האָט איבערגעגעבען וועגען דעם צוזאַמענלעבען פון גענז פון לגמרי פערשידענע אַרטען. מען בעמערקט אויך צווישען פערשידענאַרטיגע שוואַלבען א טרייען מאַן־און ווייב־לעבען, וואָס ווערט קיינמאָל ניט איבערגעריסען. די פאָרעלעך פון פערשידענאַרטיגע וואָראָבייטשיקעס צושיידען זיך אויך קיינמאָל ניט: זיי פליהען צוזאַמען אַוועק אין די וואַרימע לענדער, קומען צוזאַמען צוריק אין פריהלינג און פערנעהמען זיך, מיט דער זעלביגער זאָרג ווי אין פאָריגען יאָהר, מיט'ן בויען דעם נייעם נעסט.

## II.

די אינטערעסאַנטסטע פראַגע אינ'ם מאַן־און ווייב-לעבען ביי חיות בעשטעהט דערין, צי האָבען די חיות מעהר נייגונג צו מאָנאָגאַמיע אָדער צו פאָליגאַמיע. נאָך דאַרווינ'ס מיינונג, איז

---

*) אינדיווידואל — איינצעלנע בריאה.

אויסער געוויסע זווינ-חיות און איינינע פוינלעך, וואָס זענען שוין פערפאַלענע פּאָליגאַמיסטען, געהערען אָבער יענע אַלע אַנדערע מינים חיות, וואָס ער האָט די געלעגענהייט געהאַט צו ערפאָר-שען און אויסצושטודירען, צו דעם מאָנאָגאַמישען סיסטעם. ער גיט צו, אַז קיינמאָל האָט ער ניט בענעגענט קיין פּאָליגאַמישע גריזונעס און אינזעקטען-פרעסער *); אפילו דער שטשור, וואָס האָט אין דער הינזיכט אזא שלעכטען נאָמען, האָט בכלל אויך ניט קיין הארעם. צווישען די פליישׂ-עסער איז נור דער איינציגער לייב אַ פּאָליגאַמיסט; איינינע רויב-פוינלעך, וואָס בעזוכען די ברעגען פון ים פראַקטיקירען אויך דעם דאָזיגען מנהג. האָטשינ-סאָן מאַכט אַנ'אָנמערקונג פון זיין זייט, אַז דאָס זעברא-פערד, די זשיראַפע, דער טיגער, דער אַמעריקאַנער ווילדער אָקס, זענען אַלע מאָנאָגאַמיש סיי אין ווילדען, פרייען צושטאַנד, סיי אין געפאַנגענשאַפט. די אַנטילאָפּיעס **), איין מאָל פעראייניגט זיך, דער ער און די זי, לעבען זיי שוין אַזוי אָב דאָס גאַנצע לעבען. אַ געפאַנגענעם זעברא-פערד האַלט זיך אָב פון קינדער האָבען און ווערט אפילו לגמרי אונפּרוכטבאַר, ביי אַזעלכע בעדינגונגען. דער געלעהרטער פינק בעהויפּטעט, אַז געוויסע מינים חיות ווערען פּאָליגאַמיש, נראַד ווען זיי ווערען הויז-טיערען: „אַ ווילדע גאַנז, זאָגט ער, לעבט אין מאָנאָגאַמיע; פּאָליגאַמיש ווערט זי נור, ווען מען מאַכט זי הויזליך".

ברעהם, דאַרווין און קלאָ ווילען האָבען, אַז וואָס מעהר אַ חיה האָט צו זאָרגען וועגען דער צוקונפט פון איהר מין, אַלץ מעהר איז זי גענייגט צו מאָנאָגאַמיע. דער דאָזיגער אינסטינקט

*) גריזונעס—חיות, וואָס גריזען, למשל, ווערוערקעס, האָזען, מייז און אַנדערע. אינזעקטען—שרצים'לעך, וואָס האָבען מעהר ווי פיער פיסלעך; אינזעקטען-פרעסער—חיות, וואָס נעהרען זיך מיט אינזעקטען.

**) אַנטילאָפּע—אַ מין הירש.

איז אַ מין ערפּאַהרונג, וואָס ווערט ערוואָרבען און איבערגעגעבען פון דור צו דור. וואָס וועניגער קינדער דער מין האָט, אַלץ מעהר זאָרג און השגחה פאָדערט ער, אום ער זאָל ניט אויסשטאַרבען. איין ער, וואָס וואָלט האָבען צו פערנעהמען זיך מיט די קליינ־ווארג פון אַ סך זי׳ען, וואָלט דאָס ניט געקענט דערגרייכען.

דארווין זעהט אפילו אין אזא מין פערשטאנדיגקייט ביי די חיות פערשיידענע אופנים פונ׳ם אויפהאָדעווען די קינדער. די דאָזיגע פערשיידענהייטען האָט מען בעמערקט פון איין זייט ביי געוויסע קלאַסען אינזעקטען און נידעריגערע פישען, וואָס זייערע אייער צעהלען זיך אין די טויזענדער. און פון דער צווייטער זייט ביי געוויסע מינים זויג־טיערען, וואָס פערמאָגען נור אַ קליינע צאָהל פון זעקס ביז צוועלף, — פון וועלכע אַ העלפט לכל הפחות קומט אום אין אַ קורצע צייט נאָכ׳ן געבאָרען ווערען.

בארלעט, וועלכער האָט גענוי געשטודירט אַ געוויסען מין פויגלעך, וואָס רופען זיך לאַפּאַפּאָרען, האָט בעמערקט אין איינעם אין דעם זעלבען פויגעל־שטייג, אז הגם די זכרים זענען פּאָליגאַמיש, פונדעסטוועגען קענען זיי פּאַקטיש געברויכען נור איין זי, מחמת אויב דער ער וואָלט האָבען צוויי זי׳ען, וואָלטען זיי זיך נאָכאַנאַנד געריסען צווישען זיך. און צוריק רעדענדיג, איז גאַנץ פערשטענדליך, פאַר וואָס צו פּאָליגאַמיע איז אָפטער נוטה נור דער ער, ווייל די זי לאָזט ניט דורך קיין איינציגע געלעגענהייט, וואו זי זאָל איהם ניט רייצען מיט איהר לייכט־זיניגקייט.

בשעת דער מענש האָט אמאָל צוגעוועהנט צו זיך געוויסע מינים חיות, צום ביישפּיעל דעם פערד, דעם חזיר, די קוה, דאַן האָט ער זיי געצוואונגען צו פּאָליגאַמיע, בכדי זיי זאָלען איהם האָבען וואָס מעהר קינדער און צו בעקומען פון זיי וואָס מעהר ריוח. אָבער אָט די הויזליכע מינים בילדען נור אַ מינדערהייט;

ד׳גריבער קען מען נאָך זיי ניט בעקומען קיין פינקטליכע מיינונג. ס׳איז קיין צווייפעל ניט, אז פּאָליגאמיע טראָגט איין א בעסערן פּראָפיט דעם בעל הבית. וואָס האָדעוועט בהמות, ווייל די קינדער שטעהען דאָ אויף א העכערער שטופע פון ענטוויקלונג. א סך טיפען פון אונזערע הויז־טיערען האָבען דערגרייכט אזא הויכע שטופע פון זייער פיזישער ענטוויקלונג, ענערגיע און פּער־שטאנדיגקייט, נור א דאנק דער פּאָליגאמיע. איבעריגענס איז דאָ די פּאָליגאמיע דער מעגליכסטער צוגאָב פּאר דער נאטירליכער אָבקלייבונג, ווייל דורך דעם ווערען אָבגעקליבען די געזינדערע, שטארקערע זכרים און נקבות וואָס זענען פעהיג ארויסצוגעבען א דור, וועלכער זאָל בעזיצען אלע בעסטע מעלות פון זיין מין.

דאָס צוגעוועהנען חיות קומט ארויס פונ׳ם נאטירליכען צושטאנד. דאָס מאכט די פּאָליגאמיע פאר א נויטווענדיגען חוב. מיר האָבען שוין געזאָגט, אז געוויסע מינים חיות נעהמען ניט אָן דעם דאָזיגען נויטווענדיגען חוב. די אקלימאטיזאציאָנס־גערטענער *) האָבען פיעל מאָל געמאכט פּראָבעס אין דער הינזיכט. דער טיגער, דער לעאָפּארד, דער וואָלף, דער פוקס, דער שאקאל (אפריקאנישער וואָלף), דער ווילדער חזיר, די אנטילאָפּיע, דער ביבער, די מענשען־עהנליכע מאלפּע — אלע ווילען זיי אויף קיין פאל ניט זיין קיין צוויי־ווייבערניקעס. די טויבען אפילו זיינען אויך ניט אזוי לייכטזיניג, ווי מען זאָגט. אויב עס זענען דאָ ער׳ן, וואָס בעזוכען גערן אלע זי׳ען אינ׳ם שלאג, גיבט עס אָבער אויך פּאָרלעך, וואָס עס קלעקט אייניגע צייט זיי אָבצוזונדערן איינע פון דער אנדערער, אום זיי זאָלען זיך אָבגעוועהנען פונ׳ם לעבען געמישט, און דאָס זענען גראָד

*) אקלימאטיזאציאָנס־גערטנער — גערטנער, וואו מען געוועהנט־צו חיות און פלאנצען פון איין קלימאט צו אַנ׳אַנדערען.

יענע, וואָס גיבען אַרויס אַ דור מיט שענערע פינקעלדינגערע פעדערן און מיט אַ קענטיגערער קראַפּט. דער האַרנפויגעל, וואָס איז, דער סאַמע געזעצטער און שטאַנדהאַפטיגער צווישען די זכרים, קען אויך דיענען דערצו פאַר אַ ביישפּיעל. ער גיט זיך איבער בלויז איין זי און דערוויטערט זיך פון אַלע איבעריגע, אפילו ווען יענע זוכען איהם צוצוציהען מיט קאָקעטישע שטיק. דער זי, וואָס ער האָט אויסדערוועהלט, ווייזט ער אַרויס נאָר די ליעבשאַפט און טרייקייט, און ווענען די קליינע, וואָס זי האָט איהם געבראַכט, זאָרגט ער מיט דער גרעסטער צערטליכקייט. ער לאָזט זיין ווייבעל ניט אַרויס פון נעסט אין משך פון דער גאַנצער צייט, ווען זי זיצט אויף די אייער.

דער פּאָפּוגיי פון דער אינזעל מאַדאַגאַסקאַר, וואָס מ'האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „פויגעל פון ליעבע", איז נאָך איבערגעגעבענער, געטרייער און מאָנאָגאַמישער. ער שטאַרבט, ווען זיין זי וואַרפט איהם אַ וועק אָדער ווען זי הערט אויף צו לעבען, און אויף אַזאַ אופן גיט ער אַ ביישפּיעל, וואָס דאַרף פערשעמען די מענשליכע פאַמיליע, וואו די פערצווייפלונג ביים מאַן אָדער ביי דער ווייב, ווען איינער פון זיי שטאַרבט, געדויערט ניט לענגער ווי פון אסתר־תענית ביז פורים.

דאָך פונדעסטוועגען דאַרף מען ניט מגזם זיין די מאָנאָ־גאַמישע מעלות פון געוויסע חיות. מען דאַרף אפילו אנערקענען, אַז זייער סאָציאַלע לאַגע איז איז אייגענטליך גאָר ניט גינסטיג פאַר מאַן־און ווייב־טרייהייט. און דאָס האָט נאָך נאָפּאָלעאָן פערשטאַנען: דאָס ווענדעט זיך אָן די זיטען. זויג־חיות אָדער פויגלעך, אָט זיי אַליין גיבען זיך איבער דער ווען די פאָרעלעך זענען אָבגעזונדערט,— איז אָבער זיי גופא גיבען זיך איבער דער פּאָליגאַמיע און אויך געמישטע פאָרמען פון געשלעכטס־לעבען, אפילו אין ווילדען צושטאַנד, ווי נור זיי געפינען ך פעראייניגט

אין אַ מחנה. דערפון קען מען בעשליסען, אַז ביי די חיות איז די פאָרם פון פאַמיליען־לעבען כמעט אַלע מאָל דער פּראָדוקט פון די פערשידענע אומשטאַנדען. דאָס איז סוף כל סוף אַ פּראָצעס פון צופּאַסען זיך צו דער סביבה, וואָס איז איינציג און אַליין בעשטימט געוואָרען דורך די בעדינגונגען פון דער מלחמה פאַר'ן לעבען. אָט די דאָזיגע פאָרמען פון מאַן־און ווייב־לעבען ביי חיות אונטערשיידען זיך פון די מענשליכע פאָרמען: מען טרעפט זיך אויף, מען געפעלט זיך, מען פעראייניגט זיך, מען צושיידעט זיך ווידער, און מען ווערט פון גורל געטריבען צו נייע ברעגען, אין נייע לענדער. די פאַמיליען־לעבענס ווערען געשלאָסען און ווערען צושטערט און מען נויטיגט זיך נישט אין קיין רב, וואָס זאָל זיי זיין ברכה געבען, און נים אין קיין דיין, וואס זאָל זיי אַ גט שרייבען.

**פון פראַנצויזיש א. י. קרייצבורגער.**



# דער סנהדרין.

די שווערע צייט, וואָס מיר לעבען איבער, ווען מיר לייענען טאָג־טעגליך אין די צייטונגען וועגען צעהנדליגע טויט אורטיי־לען און איבעראל ווערט בעטראכט די פראגע וועגען טויט־שטראָף אָהן א משפט, *) — אַט די צייט וועקט אונזער פאָרשונגס־גייסט און רופט ביי אונז אַרויס א בעדערפניס צו מאכען איבער דער דאָזיגער פראגע א חקירה ודרישה אין דער געשיכטע פון דער יודישער קרימינעלער געריכטס־פיהרונג (דיני נפשות). צו דעם ציעל וועלען מיר זיך בענוצען מיט׳ן געלעהרטען ווערק פונ׳ם ענגלישען יוריסט טיילאָר איינס Taylor Innes**).

תורת משה איז געגעבען געוואָרען מיט 1500 יאָהר צוריק פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג, בעת עס האָט געבליהט די גרעבסטע שקלאפעריי, בעת ס׳האָט געווילדעוועט די אכזריות פון די מזרח-לענדישע דעספאָטען און דאָס לעבען פון מענשען האָט לחלוטין קיין שום ווערט ניט געהאַט. ס׳איז קיין וואונדער ניט, אז משה׳ס געזעצען, וואָס זענען בלי ספק געווען הומאנע, מענש־ליכע, פונ׳ם שטאנדפונקט פון יענער צייט, זענען דאָך ניט פרעמד געווען פון אזוינע שטרענגע עלעמענטען, וואָס מיר רופען זיי אָן אכזריות פונ׳ם היינטיגען שטאנדפונקט. דער נוצרי

---

*) די דאָזיגע וויכטיגע אָבהאַנדלונג איז געשריבען געוואָרען מיט ניין יאָהר צוריק, אין דעם שטורם פון דער רוסישער רעוואָליוציע. נאָך וועלכער עס איז באַלד אָנגעקומען די רעאַקציע מיט איהרע פעלד־געריכטען.

**) The Trial of Jesus Christ, by Taylor Innes, דער משפט איבער ישו הנוצרי, פון טיילאָר איינס.

אליין האָט אזוי ערקלערט די חוקים פון תורת משה: „משה האָט אייך געגעבען אזוינע געזעצען, וועלכע איהר האָט פערדיענט דורך אייער אכזריות". (מתי, 19, 8).

פונדעסטוועגען האָבען אפילו די דאָזיגע געזעצען, וואָס זענען ארויסגערופען געוואָרען דורך דער אכזריות פון דער צייט, געשטערעבט אויפצושטעלען דעם אמת אין דער קרימינעלער געריכטס־פיהרונג און דורך שטרענגע שטראָפען געגענצואווירקען דער אכזריות פון פערברעכענס. דער הויפט־פרינציפ פונ'ם געזעץ איז -- א גלייכמעסיגע בעצאָהלונג פאר'ן פערברעכען, אז די שטראָף זאָל ניט זיין גרעסער ווי דער פערברעכען. דער געזעץ האָט געזאָגט: „ואיש כי יכה כל נפש אדם מות יומת - אז עמיצער וועט הרג'ען א וועלכען עס איז מענשען, דאַרף ער אליין געטויט ווערען. ואיש כי יתן מום בעמיתו כאשר עשה כן יעשה לו - אז עמיצער וועט מאַכען א מום זיין מיטמענשען, איז ווי ער האָט געטאָן, אזוי זאָל איהם געטאָן ווערען. שבר תחת שבר, עין תחת עין, שן תחת שן, כאשר יתן מום באָדם כן ינתן בו - א בראָך פאַר א בראָך, אנ'אויג פאר אנ'אויג, א צאָהן פאר א צאָהן: ווי ער האָט געמאַכט א מום א מענשען, אזוי זאָל איהם געמאַכט ווערען" (ויקרא, כד, יז, יט--כ; שמות, כא, כד; דברים, יט, כא) *).

---

*) אין צייט פון תלמוד, און וואַהרשיינליך נאָך אַ סך פריהער, איז שוין דער געזעץ „עין תחת עין", ניט אָנגעווענדעט געוואָרען בוכשטעבליך, נאָר איז פערביטען געוואָרען מיט געלד־שטראָף. די גמרא, ווי דער שטייגער איז פון אַמאָליגע רעפאָרמאַטאָרען, האָט בעהויפטעט, אַז דאָס איז געוועזען תחילה דער מיין פונ'ם געזעצגעבער (שן תחת שן -- ממון -- א צאָהן פאַר אַ צאָהן -- מיינט מען דאָס בעצאָהלען מיט געלד (בבא קמא, בבא בתרא, סנהדרין).

דער דאָזיגער געזעץ האָט גערעדט צום בעוואוסטזיין פון יעדען מענשען און האָט איהם געוואָרענט אזוי: אויב דו ווילסט לעבען, טו נעהם ניט צו דאָס לעבען פון דיין מיטמענשען; אויב דו ווילסט ניט פערלירען קיין אויג, קיין האנד און דאָס גלייכען, איז טו דאָס ניט קיין אנדערן, ווייל דער אמת פונ׳ם געזעץ זאָגט: „ועשיתם לו כאשר זמם לעשות לאחיו — איהר זאָלט טון מיט איהם אזוי, ווי ער האט געוואָלט טון מיט זיין ברודער (דברים, יט, יט).

תורת משה האָט געשטרעבט אָבצוהיטען דעם אמת אין די בעשטראָפונגען און האָט דעריבער געפאָדערט, אז די שולד פונ׳ם פערברעכער זאָל דערוויזען ווערען דורך עדי־ראיה. אין פאַל, ווען עס האָט זיך ארויסגעוויזען די אונשולדיגקייט פונ׳ם פער׳משפט׳ען, איז אויף די עדות ארויפגעלעגט געוואָרען די גאנצע אחריות פאַר זייער עדות־זאָגען. די תורה זאָגט דייטליך: „וסמכו כל השומעים את ידיהם על ראשו ורגמו אותו כל העדה — און עס זאָלען אלע וואס האָבען געהערט (די ערשטע) אָנ־לעהענען זייערע הענד אויף זיין קאָפּ (פונ׳ם פער׳משפט׳ען) און (דערנאָך) זאָל איהם פערשטיינען די גאנצע עדה (ויקרא, כד, יד). „יד העדים תהיה בו בראשונה להמיתו ויד כל העם באח־רונה״ — די האנד פון די עדות זאָל זיין אויף איהם צום ערשטען איהם צו טויטען און די האנד פון גאנצעז פאָלק צום לעצטען (דברים, יז, ז).

און בכדי עס זאָל ניט פאָרקומען קיין צופעליגער טעות אינ׳ם עדות־זאָגען פונ׳ם בעשולדיגער, האָט דער געזעץ געפאָ־דערט ניט וועניגער ווי צוויי אָדער דריי עדות און אז זייערע ראיות זאָלען שטימען מיט אנאנדער. דער געזעץ האָט געזאָגט: „כל מכה־נפש — לפי עדים ירצח את הרצח ועד אחד לא יענה בנפש למות — אויב עמיצער וועט ערמאָרדען א מענשען, זאָל מען דעם

רוצח טויטען לויט די ווערטער פון עדות; אָבער לויט איין עדות טאָר מען ניט טויטען קיין נפש" (במדבר, לה, ל.). „לא יקום עד אחד באיש לכל עון ולכל חטאת בכל חטא אשר יחטא על פי שני עדים או על פי שלשה עדים יקום דבר -- איין עדות זאָל ניט אויפשטעהן צו ווייזען געגען א מענשען אין יעדער שולד, יעדען פערברעכען און יעדער זינד, מיט וואָס ער האָט זיך פערזינדיגט: לויט די ווערטער פון צוויי עדות אָדער לויט די ווערטער פון דריי עדות זאָל בעשטעטיגט ווערען יעדער משפט" (דברים, יט, טו).

נאָכמעהר, בעת דער געזעץ האָט זיך געשטיצט אין זיין בעשטראָפען די פערברעכער אויף די אָנווייזונגען פון עדי־ראיה, האָט ער צו דער זעלבער צייט אָנגענומען זעהר שטרענגע מיט־לען געגען יעדע בייזע אויסנוצונגען מצד די עדות גופא. דער געזעץ זאָגט: כי יקום עד חמס באיש לענות בו סרה, ועמדו שני האנשים אשר להם הריב לפני ה׳, לפני הכהנים והשופטים, אשר יהיו בימים ההם, ודרשו השופטים היטב, והנה עד שקר העד, שקר ענה באחיו. ועשיתם לו כאשר זמם לעשות לאחיו, ובערת הרע מקרבך. והנשארים ישמעו ויראו ולא יוסיפו לעשות עוד כדבר הרע הזה בקרבך" -- אז עס וועט אויפשטעהן א פאַלשער עדות געגען א מענשען אום צו בעשולדיגען איהם אין א פער־ברעכען, -- דאַן זאָלען דיביידע מענשען, וואָס האָבען צווישען זיך דעם קריג, שטעלען זיך פאַר גאָט, פאַר די כוהנים און ריכ־טער, וואָס וועלען זיין אין יענע צייטען. און די שופטים זאָלען גוט אויספאָרשען, און אויב דער עדות וועט זיך ארויסווייזען א פאַלשער, פאַלשע עדות האָט ער געזאָגט אויף זיין ברודער, -- דאַן זאָלט איהר מיט איהם טון אזוי, ווי ער האָט געטראַכט צו טון מיט זיין ברודער, און דו זאָלסט פערניכטען דאָס שלעכטס פון צווישען דיר. און די איבעריגע זאָלען הערען און מורא האָ־בען, און זאָלען ווייטער מעהר ניט טון אזא שלעכטע זאַך צווישען

דיר. (דברים, יט, טז־־כ).

מיר ווּעלן אָנצייכענען נאָך איין שטריך אין דיני נפשות, לויט תורת משה. דער געריכט איז געווען אייגער פאר אלעמען, אָהן שום נשיאת־פנים. פאר׳ן געזעץ זענען אלע געוועזען גלייך און עס זענען ניט געווען קיין אויסנאהמס־געריכטען פאר קיינעם, ניט אין דער, ניט אין יענער זייט, דאָס הייסט ניט קיין חסד פאר איינעם און ניט קיין שטרענגקייט פאר׳ן אנדערן. ,,משפט אחד יהיה לכם, כגר כאזרח יהיה, כי אני ה׳ אלהיכם״ -- איין געריכט זאָל זיין ביי אייך, דער פרעמד־לינג זאָל זיין ווי דער אַלטגעזעסענער (בירגער); וואָרום איך בין דער האר אייער גאָט״. כאזרח מכם יהיה לכם הגר הגר אתכם, ואהבת לו כמוך, כי גרים הייתם בארץ מצרים, אני ה׳ אלהיכם. לא תעשו עול במשפט״ - דער פרעמדלינג, וואָס האָט זיך בעזעצט צווישען אייך, זאָל זיין ביי אייך אזוי ווי דער אַלט־געזעסענער, און דו זאָלסט איהם ליעב האָבען ווי זיך אליין, ווייל פרעמדע זענט איהר געווען אינ׳ם לאנד מצרים; וואָרום איך בין דער האר, אייער גאָט. טוט ניט קיין אומרעכט אין געריכט. (ויקרא, כד, כב; יט, לד־־לה)

נאָך אין די פערברעכענס, פאר וועלכע ס׳האָט ניט גע־קומט קיין טויט־שטראָף, פלעגט אויפ׳ן בעל־הבית ארויפגעלעגט ווערען א גלייכמעסיגע בעלוינונג פאר זיין עובר־זיין די רעכטען פון זיין קנעכט. אזוי שטעהט אין דער תורה: ,,מכה איש ומת -- מות יומת״. וכי יכה איש את עבדו או את אמתו בשבט, ומת תחת ידו, נקם ינקם. וכי יכה איש את עין עבדו או את עין אמתו ושחתה -- לחפשי ישלחנו תחת עינו. ואם שן עבדו או שן אמתו יפיל, לחפשי ישלחנו תחת שנו -- דער וואָס שלאָגט א מענשען און יענער שטארבט פון די קלעפּ, זאָל געטויט ווערען. און אז א מענש גיט א קלאַפּ זיין קנעכט אָדער זיין דינסט מיט א רוט

און זיי שטאַרבען אונטער זיין האַנד, פון דעם דאַרף גענומען ווערען ראַכע (מיט טויט). און אַז אַ מענש גיט אַ קלאַפּ זיין קנעכט אָדער זיין דיענסט אין אויג און פערדאַרבט עס, זאָל ער זיי אַרויסלאָזען פריי פאַר זייער אויג. און אויב ער וועט אויס־שלאָגען אַ צאָהן זיין קנעכט אָדער זיין דיענסט, זאָל ער זיי אַרויסלאָזען פריי פאַר זייער צאָהן. (שמות, כא, יב, כ, כו, כז).

פון די פאָלגענדע פסוקים אין דער תורה קען מען זעהן, מיט יואָס פאַר אַ שטרענגקייט זי האָט בעוואָרענט און געשיצט דעם לעבען פון מענשען געגען יעדערליי געוואַלט פון דרויסען: „וכי ינצו אנשים, ונגפו אשה הרה, ויצאו ילדיה, ולא יהיה אסון, ענוש יענש, כאשר ישית עליו בעל האשה ונתן בפלילים. ואם אסון יהיה ונתת נפש תחת נפש" -- אַז מענשען ווילען זיך קריגען און ווילען אַ קלאַפּ טון אַ שוואַנגערע פרוי, און זי וועט מפיל זיין, נאָר קיין אומגליק וועט ניט טרעפען, -- זאָל דער שול־דיגער בעשטראָפט ווערען מיט געלד, וויפיעל דער מאַן פון דער פרוי וועט אויף איהם בעשטימען, און ער דאַרף עס בעצאָהלען דורכ'ן געריכט. אויב אָבער ס'וועט זיין אַנ'אומגליק, זאָלסטו אָבגעבען אַ נפש פאַר אַ נפש (שמות, כא, כב־כג).

מיט נאָך אַ גרעסערער אויפמערקזאַמקייט בעטראַכט די תורה די פאָלגענדע אומשטענדען: וכי יגח שור את איש או את אשה, ומת, סקל יסקל השור ולא יאכל את בשרו, ובעל השור נקי, ואם שור נגח הוא מתמל שלשום, והועד בבעליו, ולא ישמרנו והמית איש או אשה, השור יסקל וגם בעליו יומת,, -- און אַז אַנ'אָקס וועט אַ שטעך טון אַ מאַנסביל אָדער אַ פרויענ־צימער און זיי ווילען שטאַרבען, -- זאָל דער אָקס ווערען פער־שטיינט און זיין פלייש טאָר ניט ווערען געגעסען; דער בעל הבית אָבער איז ריין (פון שולד). אויב דער אָקס איז אָבער אַ שטעכעדיגער פון נעכטען־עהערנעכטען, און דעם בעל הבית

זיינעם האָט מען אַנגעזאָגט און ער האָט איהם ניט געהיט, און יענער האָט געטויט א מאַנסביל אָדער א פרויענצימער, -- זאָל דער אָקס פערשטיינט ווערען און אויך זיין בעל־הבית זאָל ווערען געטויט (שמות, כא, כח־כט).

אָבער ניט יעדער מאָרד האָט זיך גערעכענט פאַר א רציחה, וואָס ס׳קומט פאַר איהר טויט־שטראָף. די תורה האָט געמאַכט א שטרענגען אונטערשיעד צווישען א רציחה במזיד, מיט א כיון, און צווישען א צופעליגע, „בבלי דעת״ – אָהן א מיין, „בשוגג״ -- אומגערן, „בלא איבה״ – אָהן א שנאה צום דער־הרג׳עטען. (במדבר, לה, טו־נה). אין לעצטען פאַל האָט די תורה פערהיט דאָס לעבען און די זיכערקייט פונ׳ם רוצח בשוגג געגען נקמה אין רדיפות מצד דעם דער׳הרג׳עטענס קרובים. זי זאָגט אַזוי: ושפטו העדה בין המכה ובין גואל הדם על המשפטים האלה. והצילו העדה את הרוצח מיד גואל הדם והשיבו אותו העדה אל עיר מקלט ואשר נס שמה וישב בה עד מות הכהן הגדול -- און די געזעלשאַפט דאַרף אורטיילען צווישען דעם מערדער און דעם בלוט־פריינד (ראַכע נעהמער) אין די דאָזיגע משפטים. און די עדה זאָל ראַטעווען דעם רוצח פון די הענד פונ׳ם נקמה־נעהמער און זי זאָל איהם אומקעהרען אין זיין עיר מקלט, וואו־הין ער וועט אַנטלויפען, און ער זאָל דאָרטען זיצען ב׳ז׳ן טויט פונ׳ם כהן גדול (דברים, יט, ב־יג). אויף צו ראַטעווען ניטווילענ־דיגע מערדער איז געווען בעשטימט זעקס שטעדט, בעקוועם פאַנאַנדערגעטיילטע, אום אין זיי ניצול צו ווערען פון פערפאָל־גונגען.

דאָך, איינשטעלענדיג זעקס ערי מקלט פאַר רוצחים בשוגג, האָט די תורה בעוואָהרענט פון יעדער מעגליכקייט אויס־צונוצען צום בייזען דאָס רעכט פון ענטרינונג. זי האָט געפאָ־דערט, דער משפט זאָל שטרענג און אויפמערקזאַם בעטראַכט

ווערען בפני כל עם ועדה, ביי די טויערן פון שטאָדט, וואָס האָבען געדיענט אלס ערטער פאר געזעלשאפטליכע פער־זאמלונגען. די תורה האָט געזאָגט: ונס אל אחת מהערים האלה, ועמד פתח שער העיר, ודבר באָזנו זקני העיר ההיא את דבריו, ואספו אותו העירה אליהם ונתנו לו מקום וישב עמם. וכי ירדוף גואל הדם אחריו, ולא יסגרו את הרוצח בידו, כי בבלי דעת הכה את רעהו, ולא שונא הוא לו מתמול שלשום. וישב בעיר ההיא עד עמדו לפני העדה למשפט" -- אז ער (דער רוצח בשוגג) וועט אנטלויפען אין איינע פון די דאָזיגע שטעדט, זאָל ער זיך שטע־לען ביי'ן טיר פונ'ם שטאָדט־טויער און זאָל דערצעהלען אין די אויערן פון די זקנים פון יענער שטאָדט זיין ענין; און זיי זאָלען איהם אריינעהמען אין שטאָדט צו זיך און איהם געבען אנ'אָרט, און ער זאָל וואוינען ביי זיי. און אויב דער גואל הדם וועט זיך נאָכיאָגען נאָך איהם, זאָלען זיי ניט איבערגעבען דעם רוצח אין אין זיינע הענד, וואָרום ער האָט אָן א מיין דער'הרג'עט זיין מיט־מענשען און ער איז איהם ניט געווען קיין שונא פון נעכטען־עהערנעכטען. און זאָל ער וואוינען אין דער דאָזיגער שטאָדט ביז וואנען ער וועט זיך שטעלען פאר דער עדה צום געריכט (יהושוע, כ, ד-ו). וכי יהיה איש שונא לרעהו וארב לו וקם עליו והכהו נפש ומת ונס אל אחת הערים האל. ושלחו זקני עירו ולקחו אותו משם ונתנו ביד גואל הדם ומת" -- אָבער אויב עמיצער וועט זיין א שונא דעם מיט־מענשען זיינעם און ער וועט לויערן אויף איהם און אויפשטעהן און איהם דערשלאָגען צום טויט. און ער וועט אנטלויפען אין איינע פון די דאָזיגע שטעדט. דאַן זאָלען די עלטסטע פון זיין שטאָדט שיקען און נעהמען איהם פון דאָרטען און איבערגעבען איהם אין די הענד פונ'ם גואל הדם, אום ער זאָל שטארבען (דברים, יט, יא-יב).

אריינטראכטענדיג זיך אין תורת משה, קען מען קומען

צו פאָלגענדען אויספיהר: די געזעצען פון דער תורה זענען שטרענג, אָבער דער משפט איז גערעכטיג. דער כלל: ,,כל מה דסני עליך לחברך לא תעביד״ -- וואָס דו האָסט פיינד, מ׳זאָל דיר טון, טו ניט דיין חבר (בבלי, שבת, פרק במה מדליקין) -- האָט מבטל געווען די שטרענגקייט פון די געזעצען, און דאָס געריכט האָט גאַראַנטירט די זיכערקייט פונ׳ם אומשולדיגען. ווי שטרענג ס׳זענען ניט געווען די געזעצען, האָט פונדעסטוועגען קיינער ניט געקאָנט ליידען אונשולדיג על פי בית־דין. נאָר דאָס איז נאָך ווייניג. דאָס געריכט האָט אפילו בעשיצט פון פערפאָלגונג און גענומען אונטער זיין שוץ בשוגג׳ע רוצחים, ווען דער פאַקט איז געווען בעשיינפערליך קלאָר. אָבער קיין פערברעכערישקייט האָט דאָס געריכט אינ׳ם פאַקט ניט געפונען. דער גרונד־פרינציפּ פון דער קרימינעלער געריכטס־פיהרונג על פי תורת משה איז -- גערעכטיגקייט (משפט צדק), וואָס ווערט גאַראַנטירט א דאַנק דער עפענטליכקייט פון דער געריכטס־פיהרונג און דער שטרענגקייט צו די בעשולדיגער. דאָס האָט דערגרייכט איהר פאָלשטענדיגע ענטוויקלונג אין די צייטען פון נוצרי. צו אָט דער פעריאָדע געהן מיר איבער אין אונזער בעטראַכטען די קרימינעלע געריכטס־פיהרונג ביי די אוראַלטע יודען.

קיין שום אַנדער פאָלק האָט ניט דערגרייכט אַזא הויכע שטופע פון מענשענליעבע אין דער קרימינעלער געריכטס־פיהרונג, ווי די יודען פון קריסטוס׳עס צייטען. דער הויפּט־כלל זייערער איז: ,,לא תעשו עול במשפט״ -- טוט ניט קיין אומרעכט אין משפט (ויקרא, יט, טו). און ווי הויך זיי האָבען געשעצט דעם אמת אין געריכט, קאָן מען זעהן פונ׳ם פאָלגענדעם כלל פון זייערע ,,מסורות אבות״: ,,כל דיין שדן דין אמת לאמיתו אפילו שעה אחת משרה שכינה בישראל ומקיים עולם מלא,

שנאמר: אלהים נצב בעדת אל, בקרב אלהים ישפוט וגומ׳ וכל דיין שאינו דן דין אמת לאמיתו גורם לשכינה שתסתלק מישראל, שנאמר משוד עניים מאנקת אביונים עתה אקום יאמר ה׳״ -- יענער ריכטער, וואָס משפט מיט׳ן אמת אין דין אפילו איין שעה, מאכט רוהען די שכינה אין ישראל און האלט אונטער אַ גאַנצע וועלט, ווי עס שטעהט אין פסוק: גאָט שטעהט אין דער געט־ ליכער עדה און משפט צווישען די ריכטער און אַ. ז. וו.; אָבער יענער ריכטער, וואָס פיהרט זיך ניט לויט׳ן אמת אין דין, איז גורם, די שכינה זאָל אָבגעטאָהן ווערען פון ישראל, ווי עס שטעהט געשריבען: איבער דעם בערויבען די אָרימע און איבער די זיפצען פון די בעדערפטיגע וועל איך איצט אויפשטעהן (נקמה צונעהמען) זאָגט גאָט (בבלי, סנהדרין, דף ז, עמוד א).

אזא רעליגיעזער קוק אויף ,,משפט צדק״ (גערעכטען משפט) ווייזט קלאָר, וואָס פאַר אַ בעדייטונג ס׳האָט געהאַט דער אמת און דער געזעץ אין געריכט. די גאַנצע וועלט, דאָס גאַנצע לעבען שטעהט אויפ׳ן אמת: וואו ס׳איז דאָ אמת -- דאָרטען איז אויך גאָט, און אָהן דעם אמת איז אויך גאָט ניטאָ פאַר׳ן פאָלק. און פון דאַנען איז געדרונגען אויך פערקעהרט: וואו ס׳איז ניטאָ גאָט, -- איז אויך דער אמת נישטאָ. אומגע־ רעכטער משפט פיהרט, לויט דער יודישער וועלט־אַנשויאונג, צו פראַקטישער גאָטלאָזיגקייט, און גאָטלאָזיגקייט -- צו אומגע־ רעכטען משפט.

ביי אזא בליק פון די אוראַלטע יודען אויף די בעדייטונג פונ׳ם אמת אין געריכט, ווערען פערשטענדליך זייערע בעזונדערע זאָרג וועגען בעוואָהרענען דעם משפט צדק. דערפון שטאַמען עס אין זייערע געזעצען אַזעלכע לייטענדע כללים: ,,היו מתונים בדין, והעמידו תלמידים הרבה, ועשו סיג לתורה״ -- זייט געדול־ דיג (פאָרזיכטיג און לאַנגזאַם) אין דין, שטעלט אויף אַ סך

תלמידים, און מאכט א צוים ארום דער תורה (פרקי אבות, א, א).

די זארג וועגן דעם צוגרייטען און פערמעהרען "תלמידים" האט געהאט בכוונה צו בעוואהרענען דעם אמת אין גע־ריכט, פינקטליך דורכצופיהרען דעם געזעץ אינ'ם משפט צדק און צו פערזיכערן לויט'ן געזעץ די געריכטס־פיהרונג פון צופע־ליגען עובר זיין אויף די גערעכטיגקייט. די יודען האבען געהאל־טען זייער טייער דעם דאזיגען אמת אין משפט: „על שלשה דברים העולם עומד: על התורה (הדין) ועל העבודה (האמת) ועל גמילות חסדים (השלום)" -- אויף דריי זאכען שטעהט די וועלט: אויפ'ן געזעץ, אויפ'ן גאטעס־דיענסט און אויף טון חסד (אבות, פרק א, ב).

אויף אזא אופן זענען אינ'ם יסוד פון דער יודישער קרימינעלער געריכטס־פיהרונג אוועקגעלעגט: גערעכטיגקייט (תורה), יראת שמים (עבודה) און רחמנות (גמילות חסדים). פונדאנען האבען געשטאמט די פאלגענדע פיער גרויסע כללים פון זייער קרימינעלען ספר החוקים: „פינקטליכקייט אין דער בעשולדיגונג, עפענטליכקייט אין דער אונטערזוכונג, פאלשטענ־דיגע פרייהייט פאר'ן אנגעקלאגטען און בעוואהרענונג קעגען אלערליי געפאהרען אדער טעות'ן פון די עדות" (סאלוואדאר, INSTITUT DE MOÏSE -- תורת משה, 1, 365).

מיר מיינען, אז דאס זענען געווען פיער ווענט, מיט וועלכע דער משפט צדק האט זיך ארומגעצוימט אפילו פון א צופעליגען עובר זיין אויפ'ן אמת. מיט אט די „ווענט" איז געווען בעשיצט די אונשולדיגקייט פונ'ם בעשולדיגטען, און אין פאל פון שולד -- האט זיך פונאנדערגעעפענט און ענטפלעקט די ווירקליכע שולדיגקייט זיינע. די יודישע געריכטען האבען פאר קיין זאך אזוי ניט מורא געהאט, ווי פאר א פאלשקייט אינ'ם בעשולדי־גען אנ'אומשולדיגען. און וועגן דעם קענען מיר אורטיילען לויט

פאָלגענדען זעהר כאַראַקטעריסטישען און בעדייטונגס־פולען מאמר פון משנה: „סנהדרין ההורגת אחת בשבוע נקראת חוב־לנית, ר׳ אלעזר בן עזריה אומר אחת לשבעים שנה״ - א סנהדרין, וואָס משפט צו טויט־שטראָף איין מאָל אין א שמיטה (זיעבען יאָהר), איז א רוצח. ר׳ אלעזער בן עזריה זאָגט: אפילו איינמאָל אין 70 יאָהר (מכות, פרק א, משנה י). אין דעם דאָזיגען מאמר איז נעגעבען געוואָרען א פאזיטיווער טאָן דער יודישער קרימי־נעלער געריכטס־פיהרונג: שטרעבען צום אויסמיידען טויט־אורטיילען, וויבאלד אז אפילו איין טויט־שטראָף אין 70 יאָהר על פי דין הייסט א „רציחה״.

אזא קוק אויפ׳ן משפט׳ן על פי דין צו טויט־שטראָף איז ניט קיין צופעליגע אָדער פערזענליכע מיינונג פון איין תנא (ר׳ אלעזר בן עזריה), זאָנדערן דער גרונד־מאָטיוו פון דער יודי־שער קרימינעלער געריכטס־פיהרונג. דאָס בעשטעטיגט און איז ממלא דער פאָלגענדער מאמר פון דער משנה: בזמן שאדם מצטער, שכינה מה (הלשון) אומרת (כביכול). קלני מראשי קלני מזרועי. אם כן המקום מצטער על דמם של רשעים שנשפך. ק״ו דמם של צדיקים״ -- ווען א מענש ליידט א פערדינטע שטראָף, וואָס זאָגט גאָט (אויסדריקענדיג זיך ווי א מענש רעדט): איך לייד פון מיין קאָפ, איך לייד פון מיינע אָרעמס. אויב גאָט איז זיך אזוי מצער איבער דאָס פערגאָסענע בלוט פון רשעים (שול־דיגע), היינט א פשיטא שוין איבער דאָס בלוט פון די צדיקים (אונשולדיגע) (סנהדרין, פרק ו, משנה ה).

וועלכע מיטלען אָבער האָט די תורה געהייסען אָננעהמען בכדי צו פערהיטען דעם קרימינעלען געריכט פון טעות׳ן און פאלשקייטען?

פריהער פון אלץ פאָדערט „דער פרינציפ פון אמת און גערעכטיגקייט, וואָס ווערט שטענדיג דורכגעפיהרט אין די

דאָ האָט מען דעם בעשולדיגטען ניט געפייניגט מיט קיין געהיימע אויספאָרשונגען, וואָס אפילו אַנ׳אונשולדיגער קען זיך אין זיי לייכט פערפּלאָנטערן און צוטומעלט ווערען און געבען א טויט-געוועהר געגען זיך אַליין״ (סאַלוואַדאָר, אינסט. מ., I, 366), דער בעשולדיגטער פלעגט בעפרייט ווערען פון יעדערליי פערזענליכע אויספאָרשונגען, כל זמן מען שטעלט איהם ניט פאָר פאַר דער פערזאַמלונג פון זיינע ברידער אויף צום פונאַנדערקלייבען דעם פּראָצעס.

צווייטענס, האָט די עפענטליכקייט פון דער אויספאָרשונג געפאָדערט, מ׳זאָל אָבהיטען פאָלגענדען כלל: אל תהי דן יחידי שאין דן יחידי אלא אחד״ -- זיי ניט אַליין קיין ריכטער, וואָרום ס׳איז ניטאָ קיין אַליין-ריכטער אויסער דעם איינציגען (גאָט) (אבות, פרק ד, משנה ה). בנוגע צו די עדות זענען די פאָדערונגען פונ׳ם געזעץ געוועזען נאָך שטרענגער און קלערער: „איין עדות האָט ניט געהאַט קיין בעדייטונג״ און „צוויי אָדער דריי עדות, וואָס אויף זייערע אָנווייזונגען האָט זיך געזאָלט בעגרינדען יעדער פּראָצעס, האָבען געמוזט זאָגען זייערע עדות עפענטליך, פאַר דער גאַנצער עדה. זייערע אָנווייזונגען האָבען געבילדעט דעם יסוד פון דער געריכטליכער אונטערזוכונג, און כל זמן מ׳האָט זיי נאָך ניט געהאַט געגעבען געגען א וואָסער ס׳איז מענשען עפענטליך, האָט ער זיך גערעכענט פאַר׳ן געריכט פון געזעץ ניט בלויז פאַר אונשולדיג, נאָר אַפילו פאַר ניט בעשולדיגט (דברים, יט, טו--יה).

די עדות האָבען גענומען אויף זיך די גאַנצע משא פון אחריות. פון זייערע ראיות האָט זיך אָנגעהויבען יעדער פּראָצעס פון בעשולדיגען. און אין פאַל, ווען די בעשולדיגונג איז געווען בעשטעטיגט, האָבען די עדות געדאַרפט אַרויפלעגען זייערע

הענד אויפ׳ן קאָפּ פונ׳ם פּער׳משפּט׳ן און די ערשטע ווארפען אין איהם די שטיינער. און דעריבער איז דער געזעץ געווען אויסער־געוועהנליך שטרענג און אויפמערקזאם צו זייערע אָנווייזונגען. די ריכטער האָבען אָנגענומען אַלע תחבולות, בכדי ס׳זאָל ניט זיין אַ וואָסער ס׳איז טעות אין זייערע ראיות, ווער רעדט אָנ־אומישנע רשעות. מיט דעם צוועק פלעגט דער כהן גדול בע־שווערען ,,באלה ובשבועה״ (מיט אַ שרעקליכע קללה און מיט אַ שבועה) יעדען עדות אין אַ קרימינעלען פּראָצעס, און יענער איז די גאַנצע צייט געווען מחויב צו קוקען דעם אָנגעקלאָגטען אין געזיכט. די דאָזיגע פאָרם פון בעשווערען איז אינגאַנצען פער־בליבען אינ׳ם יודישען געזעץ עד היום. אָט איז דער נוסח פון דער שבועה:

,,הוו יודעין שלא כדיני ממונות דיני נפשות. דיני ממונות אדם נותן ממון ומתכפר לו. דיני נפשות דמו ודם זרעיותיו תלוין בו עד סוף העולם. שכן מצינו בקין שהרג את אחיו, שנאמר: (בראשית ד) דמי אחיך צועקים. אינו אומר דם אחיך אלא דמי אחיך: דמו ודם זרעיותיו. לפיכך נברא אדם יחידי ללמדך, שכל המאבד נפש אחת מבני אדם, מעלה עליו הכתוב כאילו איבד עולם מלא. וכל המקיים נפש אחת מבני אדם מעלה עליו הכתוב כאילו קיים עולם מלא: ומפני שלום הבריות, שלא יאמר אדם לחברו: אבא גדול מאביך, ושלא יהו מינין אומרים: הרבה רשויות בשמים, ולהגיד גדולתו של הקב״ה שאדם טובע כמה מטבעות בחותם אחד וכולן דומין זה לזה, ומלך מלכי המלכים הקב״ה טבע כל אדם בחותמו של אדם הראשון ואין אחד מהן דומה לחברו. לפיכך כל אחד ואחד חייב לומר: בשבילי נברא העולם״ - איהר, עדות, זאָלט וויסען זיין, אז עדות זאָגען אין דיני נפשות איז ניט אזוי ווי עדות זאָגען אין דיני ממונות (געלד־משפּטים). אין אַ געלד־פּראָצעס, אויב די עדות איז ניט ריכטיג,

גיט דער מענש געלד און עס ווערט איהם פערגעבען. אָבער אויב די וועסט זיך פערזינדיגען אין אַ געריכט, וואָס בעשליסט די פראַגע וועגען דעם לעבען פון אַ מענשען, דאַן וועט דאָס בלוט פונ'ם בעשולדיגטען און פון זיינע דורות דיר ניט שווייגען ביז'ן סוף פון דער וועלט, וואָרום אזוי געפינען מיר געשריבען ביי קין, וואָס האָט דער'הרג'עט זיין ברודער: די בלוטען פון דיין ברודער שרייען צו מיר,— ניט דאָס „בלוט" שטעהט געשריבען, נאָר די „בלוטען", הייסט עס: זיין בלוט און דאָס בלוט פון זיינע קינדער און קינדס-קינדער. דעריבער איז אדם הראשון בעשאפען גע־וואָרען איינער, צו בעווייזען, אַז דער וואָס ברייננט אום איין נפש פון צווישען מענשען, האַלט די תורה, ווי ער וואָלט אומ־געבראַכט אַ גאַנצע וועלט, און דער וואָס ראַטעוועט איין נפש אונטער מענשען, איז גלייך, ווי ער וואָלט געראַטעוועט אַגאַנצע וועלט. און צוליעב שלום צווישען מענשען, כדי איינער זאָל ניט זאָגען צום צווייטען: מיין פאָטער איז אַ גרעסערער פון דיינעם, און כדי די מינים (אַזאַ מין סעקטע,־ אפיקורסים, ניט גלויביגע) זאָלען ניט זאָגען: אַ סך ווילענס (געטער) איז דאָ אין הימעל, און בכדי צו דערצעהלען די גרויסקייט פון גאָט: וואָרום אַ מענש גיסט אוים וויפיל מטבעות מיט איין זיגעל און זיי זענען אַלע גלייך איינע צו דער אנדערער, און גאָט דער קעניג איבער אַלע קעני־גען האָט בעשאַפען אַלע מענשען לויט'ן חותם (מוסטער) פון אדם הראשון און קיינער איז ניט עהנליך אויפ'ן צווייטען,— דע־ריבער איז יעדער איינער (אפילו דער בעשולדיגטער, וואָס זיין לעבען הענגט איצט אָב פון אייערע ווערטער) מחויב און האָט רעכט צו זאָגען: צוליעב מיר איז בעשאַפען געוואָרען די וועלט (סנהדרין, פרק ד, משנה ה).

דער ערשטער חוב פון די ריכטער בנוגע צו די עדות איז אין יודישען ספר המשפטים אויסגעדריקט: „היו מכניסין

אותם בחדר ומאיימין עליהם״ – מ׳פלעגט זיי אריינפיהרען אין א צימער און ווארפען אויף זיי אנ׳אימה (סנהדרין, פרק ג, משנה ו).

בשעת׳ן עדות־זאגען האט דער עדות געמוזט קוקען דעם אנגעקלאגטען גלייך אין די אויגען. די ריכטער ווידער האבען געדארפט אריינקוקען אין געזיכט פונ׳ם עדות און שארף נאכ־שפירען נאך יעדער אומענדערונג פון זיין אויסדרוק און דערכא־פען יעדען מאמענט פון אזא ענדערונג. ,,האמת מנקרת עינים״ – דער אמת שטעכט די אויגען, און דער דאזיגער שטאך קאן ניט בלייבען פערבארגען פונ׳ם געניטען בעאבאכטער.

און וואס ס׳איז שייך צום עצם איינווייזונגען פון די עדות. איז די קלענסטע סתירה און זיי האט שוין מבטל געווען זייער גאנצע קראפט (סאלוואדאר, אינסט. מ., 1, 373). א פשוט׳ער אונטערשייד אין ווערטער האט אנ׳אנדערס מאל געקאנט ביי די ריכטער האבען א בעדייטונג אויף צו צעשלאגען די בעשול־דיגונג אינגאנצען.

מחמת די אויסשליסליכע וויכטיגקייט פון די קרימינע־לער געריכטס־פיהרונג, אין פערגלייך מיט דער בירגערליכער, זענען אין דער פראצעדור פונ׳ם געריכט אויסגעארבייט געווא־רען אזוינע סאמע דראבנע איינצעלהייטען, וואס איבער זיי איז גאר אונמעגליך געווען צו בעשולדיגען אנ׳אונשולדיגען, אט די אלע כללים זאגען קלאר. אז דער גאנצער סוד איז געווען גע־ריכטעט גיכער צו בעפרייען איידער צו בעשולדיגען דעם אנגע־קלאגטען. די דאזיגע כללים זענען אויסגערעכענט אין מסכת סנהדרין, פרק ד, משנה א:

,,אחד דיני ממנות ואחד דיני נפשות בדרישה ובחקירה, שנאמר (ויקרא, כד): משפט אחד יהיה לכם. מה בין דיני ממנונות לדיני נפשות? דיני ממונות בשלשה ודיני נפשות בכ״ג

דיני ממונות פותחין בין לזכות בין לחובה, ודיני נפשות פותחין לזכות ואין פותחין לחובה. דיני ממונות מטין על פי אחד בין לזכות בין לחובה, ודיני נפשות מטין על פי אחד לזכות ועל פי שנים לחובה. דיני ממונות מחזירין בין לזכות ובין לחובה, דיני נפשות מחזירין לזכות ואין מחזירין לחובה. דיני ממונות הכל מלמדין זכות וחובה, ודיני נפשות הכל מלמדין זכות ואין הכל מלמדין חובה. דיני ממונות המלמד חובה מלמד זכות, והמלמד זכות מלמד חובה; דיני נפשות המלמד חובה מלמד זכות אבל המלמד זכות אין יכול לחזור וללמד חובה. דיני ממונות דנין ביום וגומרין בלילה, דיני נפשות דנין ביום וגומרין ביום. דיני ממונות גומרין בו ביום בין לזכות בין לחובה, דיני נפשות גומרין בו ביום לזכות וביום של אחריו לחובה. לפיכך אין דנין לא בערב שבת ולא בערב יום טוב״ — סיי די בירגערליכע סיי די קרימינעלע געריכטס־פיהרונג זענען אונטערגעוואָרפען אונטער איינע און די זעלבע כללים בנוגע צו דער דרישה וחקירה, ווי עס שטעהט אין פסוק: איין געריכט זאָל זיין ביי אייך. וואָס איז אָבער דער אונטערשיעד צווישען זיי? פאַר דיני ממונות ברויכט מען נור דריי ריכטער און פאַר דיני נפשות דריי און צוואַנציג. אין ערשטען פאַל איז אַלץ איינס, ווענן וואָס עס הויבען אָן די דינים, וואָס זאָגען זיך אַרוים די ערשטע: ווענן פערענטפערען אָדער ווענן בעשולדיגען: אין צווייטען איז — יענע, וואָס רעדען פאַר בעפרייען, דאַרפען זיך אַרויסזאָגען די ערשטע. ביי דיני ממונות איז גענוג אַ רוב פון איין שטימע, סיי לזכות סיי לחובה, אָבער ביי דיני נפשות איז אַ רוב פון איין שטימע אַלע מאָל גענוג צו פריי שפרעכען, אָבער עס פאָדערט זיך אַ רוב פון צוויי שטימען אויף צו בעשולדיגען. ביי דיני ממונות קאָן דער פסק דין (אין פאַל פון אַ טעות) אָבגעשאַפט ווערען סיי לזכות און סיי לחובה; ביי דיני נפשות אָבער קען מען אָבשאַפען די

פעראורטיילונג, נור ניט די פריישפרעכונג. ביי דיני ממונות קענען די תלמידים, וואָס זענען דאָ אין געריכט, רעדען (פונקט ווי דער פאָרזיצענדער און די מיטגלידער פון בית דין) סיי פאַר סיי געגען דעם אָנגעקלאָגטען: ביי דיני נפשות קענען זיי רעדען נור פאַר, אָבער ניט געגען דעם בעשולדיגטען. ביי דיני ממונות קען דער, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַלץ איינס פאַר אָדער געגען, אומענדערן זי: ביי דיני נפשות איז דער וואָס האָט פריהער מלמד חוב געווען, קען נאָכדעם מלמד זכות זיין, אָבער דער וואָס האָט מלמד זכות געווען, טאָר שוין מעהר ניט מלמד חוב זיין. די בירגערליכע געריכטס-פיהרונג הויבט מען אָן נור ביי־טאָג, אָבער מען קען זי ענדיגען אויך ביי-נאכט; די קרימי־ געריכטס־פיהרונג הויבט מען אָן בלויז ביי טאָג און ענדיגען מוז מען זי אויך נור ביי־טאָג. די ערשטע פערענדיגט מען דעם איינענעם טאָג סיי לזכות סיי לחובה; די לעצטע קען זיך ענדיגען אינ'ם זעלביגען טאָג, אויב ס'ווערט אַרויסגעטראָגען אַ בעפריי־אונגס־אורטייל, אָבער זי מוז אָבגעלעגט ווערען ביז אויפ'ן אַנדערן טאָג, אין פאַל, אויב זי דאַרף זיך ענדיגען מיט פערמשפּט'ן. און דעריבער קען קיין קרימינעלע געריכטס־פיהרונג ניט אָנגעהויבען ווערען ניט ערב שבת, ניט ערב יום טוב".

משפט'ן אַ מענשען, בעזונדערס אין קרימינעלען געריכט, ניט אָנווייזענדיג אַ פריהער דעם פערברעכען, פאַר וועלכען מען משפט איהם,—האָט זיך גערעכענט פאַר עובר זיין דאָס רעכט, פאַר נטית משפט. דעריבער האָט זיך דער געריכט אָנגעהויבען פון די ציינונגען פון די הויפט עדות. קיין אַנדער בעשולדיגונג, קיין אַנדער פאָרמעלער בעשולדיגונגס־אַקט איז ניט געווען. כל זמן די עדות האָבען גערעדט,—און גערעדט האָבען זיי שטענדיג בפני כל עם ועדה,—איז דער תפוס כמעט ניט אַנערקענט געווען פאַר אָנגעקלאָגט. ווען די עדות האָבען געענדיגט זייער רעדע,

און אַז די איינוווייזונגען פֿון צוויי פֿון זיי האָבען זיך אַרויסגעוויזען איינשטימיג צווישען זיך, דאַן האָבען די דאָזיגע איינוווייזונגען בעקומען די קראַפֿט פֿון אַ געזעצליכער בעשולדיגונג, אָדער פֿון אַ בעשולדיגונגס־אַקט און האָבען צוזאַמען דערמיט געדינט אַלס ראיות.

די יודישע קרימינעלע געריכטס־פֿיהרונג רופֿט אַרויס אַכטונג אויך דערמיט, וואָס אַלע פּריוואַטע פּערזאָנען, וואָסערע ס׳זאָלען ניט געווען זיין זייערע פּערזענליכע איבערצייגונגען, איז געווען פֿערבאָטען אויסצודריקען זייערע מיינונגען בנוגע דעם אָנגעקלאָגטען עפֿענטליך, כל זמן דער סנהדרין אַליין האָט ניט ארויסגעטראָגען זיין פּסק־דין בפני כל עם ועדה.

דער געריכט האָט אָבער ניט געטאָרט איילען זיך מיט זיין פּסק־דין. אויב ער האָט ניט געקאָנט גלייך „מזכה" זיין דעם אָנגעקלאָגטען, דאַן איז ער געווען מחויב אָבצולעגען די זיצונג לכל הפּחות אויף פֿיער און צוואַנציג שעה אום אַרויסצוטראָגען דעם ענדגילטיגען פּסק־דין. די ענדגילטיגע זיצונג האָט אויך ניט געקאָנט פֿאַרקומען אום שבת (משנה, סנהדרין, פּרק ה, מ׳ ה ופּרק ו, מ׳ א).

בכדי אויסצומיידען מעגליכע טעות׳ן אין געריכט, וואָס קומען פֿון איילענים און איינגעמאַטערטקייט פֿון די ריכטער, איז געווען בעשטימט אַ דין, אַז אַ וויכטיגער קרימינעלער פּראָצעס־אַ פּראָצעס ווענען אַ פֿערברעכען, וואָס פֿאַר איהם קומט בלי ספק טויטשטראָף— האָט געדאַרפֿט אָנהויבען זיך און בענייט ווערען, אָדער פֿאָרטגעזעצט ווערען און ענדיגען זיך נור ביי׳ם ליכט פֿון טאָג. דאָס אַלץ איז איינגעשטעלט געווען צוליעב וואָס גרעסערער עפֿענטליכקייט פֿונ׳ם געריכט איז מיט׳ן צוועק צו געבען אַ וואָס גרעסערע מעגליכקייט יעטווידער׳ן צו קומען און צו זאָגען, וואָס נור מעגליך, אויף צו פֿערטיידיגען

דעם אָנגעקלאָגטען.

די שנעלקייט פון א געריכט האָט זיך גערעכענט פאַר א אונטערדריקונג פונ׳ם אָנגעקלאָגטענס רעכט. אם מצאו לו זכות, זאָגט די גמרה (משנה, סנהדרין, פרק ה). פטרוהו ואם לאו מעבירין אותו למחר ומזדוגין זוגות זוגות, היו ממעטין במאכל ולא היו שותין יין כל היום ונושאין ונותנין כל הלילה״. ,,אשרי לדיין שיתן לפסק דינו שיתפס״ - אויב מ׳האָט פאַר איהם געהאַט א זכות, בעפרייט מען איהם, און אויב ניט, לעגט מען דעם פסק דין אָב אויף מאָרגען. די ריכטער קלייבען זיך דערווייל צונויף אינאיינעם, עסען ווייניג, אָבער וויין טרינקען זיי גאָר ניט דעם גאַנצען טאָג, און האַלטען זיך עצות א גאַנצע נאַכט. ״וואול איז דעם ריכטער, וואָס לאָזט זיין אורטייל צייט גוט דורכגע־טראַכט און קלאָר צו ווערען (משנה, סנהדרין, פרק ה, ה; גמרא, דאָרטען).

מיר ווערן פערוואונדערט מיט וואָס פאַר אזאָרגפעלטיגקייט און מיט וואָס פאַר א ווייטזיכטיגקייט דער געזעץ האָט זיך בעצווינגען צום שיקזאַל פונ׳ם אָנגעקלאָגטען. ער האָט אפילו איינגעשטעלט א שטרענגע דיעטע (שפייז) פאַר די ריכטער אין משך פונ׳ם גאַנצען מאָרגענדיגען טאָג נאָכ׳ן אנערקענען די שולדיגקייט פונ׳ם אָנגעקלאָגטען, בכדי ניט צו פערדונקלען דעם שכל און דעם קלאָרען פערשטעהן דעם פראָצעס, ניט צו צופלאָנטערן דעם בעוואוסטזיין פון דער אחריות פאַר איהם.

ס׳איז א פערברעכען צו פערגיכערן דעם טאָג פון טויט פונ׳ם פערמשפּט׳ן, זאָגט דער געזעץ. און די גמרא רופט אָן אזא פערגיכערן אכזריות (סנהדרין, ד, ו). דעריבער האָבען די ריכטער קיינמאָל ניט אַרויסגעטראָגען קיין ענדגילטיגען פסק דין אין דער ערשטער זיצונג. די הפסקה צווישען דעם פעראור—

טיילען און דעם ענדגילטיגען פסק־דין האָט געמוזט געדויערן ניט ווייניגער ווי צוויי שעה. און נאָך אזא הפסקה קערען זיך די ריכטער אום אויף מאָרגען פריה אין בית דין און גיבען ווידער אָב די שטימען פונקט מיט אזוינע פּאָרזיכטיגקייטען, ווי פריהער... אויב דער פסק־דין איז סוף כל סוף פאָרט ארויס־געטראָגען געוואָרען, דאן פיהרען זיי דעם פער׳משפט׳ען ארויס צום פער׳שטיינען״ (סנהדרין, ו, ב).

אזא הפסקה צווישען פער׳משפט׳ען און ענטגילטיגען פסק דין איז בעשטימט געווען צוליעב דעם, כדי, פון איין זייט, זאָלען די ריכטער קענען אין דער דאָזיגער צייט, אָבהאַלטענדיג זיך פון וויין, רוהיג איבערקוקען און פון דאָס ניי בעטראַכטען דעם גאַנצען פּראָצעס, און פון דער צווייטער זייט — זאָלען די וואָס פערלאַנגען צו פערטיידיגען דעם פער׳משפט׳ען און די וואָס ווייסען עפּעס אום איהם צו פערענטפערן, קומען אין גע־ריכטס־זאַל און מעלדען וועגען דעם די ריכטער.

מיר׳ן אָנצייכענען נאָך אַ מערקווירדיגען שטריך אין דער קרימינעלער געריכטס־פיהרונג פון די אַמאָליגע יודען. דאָס איז שייך צו דער געזעצליכקייט פונ׳ם בעשווערען און זיין יורידישען געברויכען אויפ׳ן געריכט. דער פּאָרזיצענדער האָט, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, געדאַרפט גאָר פון אָנהויב פּאָרלייענען אַ שרעקליכע בעשווערונג פאַר יעדערן פון די עדות. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין רעכט צו פרענען אונטער אַ שבועה דעם בעשולדיגטען, בכדי איהם ניט צוצעטומלען און ניט ארויסרופען ביי איהם אַ צייגונג געגען זיך. אין דעם דאָזיגען פאַל איז דער געזעץ אין זיין מענשענליעבע דערגאַנגען ביז צו אזוינע גרעניצען, וואָס ווייטער פון זיי איז שוין ניטאָ וואוהין צוגעהן. „אונזער תורה״, זאָגט דער רמבם, פער׳משפט קיינעם ניט צום טויט אויפ׳ן גרונד פון זיין אייגענעם מודה זיין

משניות), אז קיינער קאָן זיך ניט שאַדען דערמיט, וואָס ער רעדט אין געריכט" (סנהדרין,פרק ו, משנה ב).

דער דאָזיגער כלל איז ניט קיין צופעליגער. ער דריקט אויס דעם גאַנצען גייסט פון דער יודישער געריכטס־פיהרונג און וועגען איהם רעדען פיעלע. קאַקציי, למשל, שרייבט: „די חכמי התלמוד זאָגען, אז קיינעם טאָר מען ניט איבערענטפערן צום טויט אויפ'ן גרונד פון זיין מודה זיין זיך און קיין נביא אויפ'ן גרונד פון זיין נביאות־זאָגען". סאַלוואַדאָר בעשטעטיגט דאָס זעלבע: „אונזער געזעץ פער־משפט קיינמאָל ניט אויפ'ן גרונד פון דעם, וואָס דער בעשולדיגטער איז זיך אליין מודה".

די ערנסטקייט פון דער פראַגע וועגען דעם לעבען און טויט פונ'ם בעשולדיגטען, האָט געפאָדערט אַנ'ערנסטע בע־ציהונג צו איהם אויך מצד דעם געריכט. משפט'ן אַ מענשען מיט'ן קרימינעלען געריכט און אַרויסטראָגען אַ טויט־אורטייל האָט אין אַלע צייטען געקאָנט בלויז אליין די „סנהדריה גדולה" (גרויסער ראַט) (סנהדרין, פרק א, משנה ה). מיטגליעדער אינ'ם „גרויסען סנהדרין" האָט זיך גערעכענט איין און זיבעציג *).

די ערטער פון די ריכטער זענען אין געריכטס־זאַל געווען איינ־געאָרדענט אין אַ האַלבען קרייז, און איין העלפט מיטגלידער איז געזעסען פון דער רעכטער, און די אַנדערע העלפט פון דער לינקער זייט פונ'ם פאָרזיצענדען אָדער „נשיא". נעבען איהם פון איין זייט איז געזעסען דער „אב בית דין" (פאָטער פונ'ם געריכט) און פון דער צווייטער -- דער „חכם". צוויי סופרים

---

*) אין דער „סנהדריה קטנה" (קליינער סנהדרין), וואָס איז, וואַהרשיינליך, געווען אַ קאָמיטעט אָדער אַנ'אָבטיילונג, געבילדעט פון מיטגלידער פונ'ם גרויסען סנהדרין, -- איז געווען נור דריי און צוואַנציג מיטגליעדער (סנהדרין, פרק א, משנה ו).

זענען געזעסען ביי׳ם טיש אויף צו פערשרייבען די פסקים. צוויי שמשים האָבען געהיט דעם אָנגעקלאָגטען, וואָס איז געשטאַנען גלייך פאַר׳ן פאָרזיצענדען. און אַלע ביינעוועזענע פלעגען מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט נאָכשפּירען יעדען אויס־דרוק פונ׳ם געזיכט און פון די אויגען, יעדען וואָרט, ווי פונ׳ם בעשולדיגטען, אַזוי אויך פון די עדות, וואָס זייערע איינווייזונגען פלעגט מען קאָנטראָלירען מיט דורכגעקרייצטע פראַגען.

דער לעצטער אַקט פונ׳ם געריכט -- איז געווען די טויט־שטראָף פונ׳ם פערמשפּט׳ען. אָבער אויך דאָ האָט דער געזעץ אַרויסגעוויזען זיין העכסטע הומאַניטעט און זיינע גרויסע בע־מיהונגען צו ראַטעווען דעם פער׳משפּט׳ען פון טויט. ער האָט אָנגענומען אַלע תחבולות צו ראַטעווען דעם פערברעכער ביז׳ן לעצטען מאָמענט פון זיין לעבען. דער פּלאַץ פון דער טויט־שטראָף האָט געדאַרפט זיין אָבגעזונדערט פונ׳ם געריכטס־אָרט, על פי תורת משה (ויקרא, כד, יד). און אויך אָט די צייט, ווילאַנג עס האָט געדויערט די טרויעריגע פּראָצעסיע פונ׳ם געריכטס־זאַל ביז צום טויט־שטראָף־פּלאַץ, האָבען די ריכטער זיך געסטאַרעט אויסצונוצען לטובת דעם אומגליקליכען. „בשעה שמוליכין אותו, אחד עומד על פסח בית דין והסודרין בידו, ואדם אחד רוכב על הסוס רחוק ממנו, כדי שיהא רואהו. אומר אחד: יש לי ללמד זכות עליו, הלה מניף בסודרין והסוס רץ ומעמידו. ואפילו הוא אומר: יש לי ללמד זכות על עצמי, מחזירין אותו אפילו ד׳ וה׳ פעמים׳ ״ -- בשעת מען פיהרט דעם פערברעכער צו פערשטיינען, דאַרף איין שמש שטעהן ביין טיר פון בית דין מיט אַ טיכעל אין האַנד, און נאָך איינער דאַרף נאָכרייטען נאָך דער פּראָצעסיע צום שטראָף־פּלאַץ, אָבער ער דאַרף זיך אָבשטעלען אויפ׳ן ווייטסטען פונקט, פון וואַנען ער קאָן נאָך זעהן דעם מאַן מיט׳ן טיכעל. די ריכטער

זיצען נאָך ווייטער, און אויב עמיצער פון זיי נעהמט זיך דערוויזען, אז דער פערמשפט׳ער איז אומשולדיג, דאן מאכט דער, וואָס שטעהט ביין טיר, מיט׳ן טיכעל, און דער רייטער לויפט אין יענער רגע נאָכ׳ן פער׳משפט׳ן און שטעלט איהם ווידער צום פערטיידיגען. און אויב אפילו ער אליין זאָגט: „איך האָב א זכות אויף זיך״, קעהרט מען איהם אום אפילו פיער און פינף מאָל (סנהדרין, פרק ה׳, משנה ה׳; פרק ו׳, משנה א׳).

די טויט־שטראָף גופא, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, פלעגט ווערען אויסגעפיהרט ניט בלויז בפני כל עם ועדה, עפענטליך, נאָר אויך דורכ׳ן גאַנצען פאָלק אָהן א ספעציעלען תליון. די עדות־בעשולדיגער האָבען געמוזט ארויפלעגען זייערע הענד אויפ׳ן פער׳משפט׳ן און די ערשטע וואַרפען אין איהם די שטיינער, און נאָך זיי „האָט שוין אויך די גאַנצע עדה איהם געדאַרפט פערשטיינען"—ורגמו אותו כל העדה״ (ויקרא, כד, יד). ס׳פערשטעהט זיך, אז די געזעלשאַפט, מיט איהר אנטייל־נעהמען אין דער טויט־שטראָף פונ׳ם פערברעכער, האָט אזוי צו זאָגען, סאנקציאָנירט די גערעכטיגקייט פונ׳ם געריכטליכען פסק־דין. אין געגענפאל האָט די טויט־שטראָף געקאָנט אויך ניט אויסגעפיהרט ווערען, אויב די געזעלשאַפט איז געווען מחולק אין איהרע בליקען און מיינונגען אויפ׳ן אורטייל פונ׳ם בית־דין. אָבער אזוינע צופאַלען זענען כמעט קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, ביי יענעם איינגעפיהרטען סדר פון געריכט, וואו יעדערער, ווער ס׳האָט נור פערלאַנגט צו פערטיידיגען און ראַטעווען דעם בעשולדיגטען, האָט געהאַט געהנוג צייט און די פאָלשטענדיגע מעגליכקייט פערזענליך צו קומען אין בית־דין און רעדען לטובת דער בעפרייאונג פונ׳ם אנגעקלאָגטען.